Sep. 16th 1950

To Mr. M. Truster

Sorry You are Sick
And hoping you will
Soon be Well

Mr. & Mrs. A. Golfman

# ווער איז שולדיג?

פון

סאַראַה ב. סמיטה



פארלאג "ליטעראטור"
מ.מ. הערשענזאָהן-ארויסגעבער



איך ווידמע דיעזען בוך מיט ליעבע צו מיין מאן מאַקס מ. סמיטה און צו חעם אַנדרענקען פון מיין זון דזשעראַלד ב. סמיטה, וועמעס קורצער לעבען האָט מיר אזוי פיעל גליק פערשאפט.

סאראה ב. סמיטה.

# אינהאַלטס-פערצייכניס:

פיודזש.

# פאָרוואָרט.

ס א ר א ה ב. ס מ י ט ה איז דעם אידישען לעזער ניט אין גאַנצען אַן אומבעקאנטער נאָמען. די לעצטע עטליכע יאָהר האָט זיך דער נאָמען אָפט געזעהן אין איינע פון אונזערע גרעסטע אידישע טעגליכע צייטונגען. אָבער גאַנץ ניי איז דער נאָמען אויף אַ בוך. דאָס איז די ערשטע זאַמלונג פון איהרע שאַפונגען אין אַ פאָרם, וואָס וועט מאַכען מעגליך די ריכטיגע אָפּשאַצונג פון זייער ווערטה.

עס מוז אָבער דאָ גלייך געזאָגט ווערען, אַז די פאַרפאַסערין פרעטענדירט ניט דאָס זי האָט געשאַפען ליטעראַרישע מייסטער־ווערק. אַלס מיטגליעד פון אַ גרויסען צייטונג־סטאַף, אַלס איינע וואָס האָט באַדאַרפט צושטעלען רעגעלמעסיג לעזע־שטאָף פאַר די לעזער, האָט זי זיך ניט געקענט אָפּשטעלען צו לאַנג אויף דעם פ אָ ר ם פון די זאַכען וואָס זי האָט מיט איהר פעדער געשאַפען; און דאָס אַליין האָט שוין געמאַכט אונמעגליך, אַז די געשאַפענע זאַכען זאָלען האָבען יענע אייגענשאַפטען וואָס זיינען דער פונדאַמענט פון אמת'ע קונסט.

אָבער כאַראַה ב. סמיטה איז אַ קינסטלערין אין נשמה. זי האָט אַן אויג וואָס זעהט דאָס טראַגישע און דאָס קאָמישע פון לעבען, און זי זעהט דאָס דורכאַ דאָרט וואו די מעהרסטע מענשען וואָלטען גאָרניט געזעהן. אַלע בילדער וואָס זיינען געזאַמעלט דאָ זיינען ניט מעהר ווי איהרע איינדרוקען פון דעם וואָס זי האָט באַגעגענט אין די געריכטס־הייזער פון דער גרויסער, רוישיגער וועלט־שטאָדט ניו יאָרק. קיין זאַך איז ניט אויסגעטראַכט, זאַנדערען איינגעבאָפּט. מיט איהר שאַרפען אויג דרינגט זי אַריין אין די אומשטענדען וואָס ברענגען פאַר דער יוסטיץ אַזוי פיעל מענשען פון פערשיעדענע כאַראַקטערע און קרייזען, און אין עטליכע שטריכען ענטפּלעקט זי פאַר אונז זייערע ליידען און פריידען, זייערע

טרעהרען און געלעכטער, אויך אז אופן וואס לאזט אונז ניט איבער גלייכגילטיג.

אט אין דעם שטעקט איהר קונסט.

זי נויטיגט זיך ניט אין א סך פארבען. זי איז איינפאך און אביסעל פרימיטיוו. אבער זי פארפעהלט קיינמאל ניט פארצושטעלען פאר אונז א פאלשטענדיגען בילד, ניט בלויז פון דער פערזאן וואס ווערט גע'משפט, נור אויך פון די אנדערע פערזאנען ארום. דאס בילד איז ניט אלע מאל פאלירט, אדער פארענדיגט אין אלע דעטאלען, אבער דאך קלאר גענוג צו ריהרען אונזערע סימפאטיען און ארויסרופען אונזער אינטערעס. עס איז דא אזוי פיעל מענשליכעס אין יעהען, אפילו אין דעם ברוטאלסטען אדער דעם נידעריגסטען געפאלענעם, אז דאס הארץ ווערט פערקלעמט ביי דער פאראורטיילונג פון יעדען פארברעכער, און ניט ווילענדיג קומט ארויף אויפ'ן זינען: ווער איז שולדיג?

יא, ווער איז שולדיג?

סאראה ב. סמיטה, זעהענדיג אין די געריכטס-הייזער אזוי פיעל פארברעכער פארבייגעהן פאר איהר, פארגעסט ניט אויף קיין איין מאמענט אז די אלע גענגסטערס, שווינדלערס, שארלאטאנעס, ביגאמיסטען, אלפאנזען, פראכטיטוטקעס, מערדערינס און אנדערע אומגליקליכע באשעפעניסען זיינען ניט מעהר ווי מענשען אין קייטען, מענשען וועמעס האנדלונגען זיינען דיקטירט פון די סאציאלע אומשטענדען אונטער וועלכע זיי לעבען, און זיי קענען ניט געהאלטען ווערען פאראנטווארטליך אין גאנצען פאר זייערע מעשים רעים. און דאריבער שרייבט זי וועגען זיי מיט אזוי פיעל סימפאטיע, אז דער לעזער ווערט אויך מיטגעריסען. זי פראפאגאנדירט ניט. זי לערענט ניט. זי דערצעהלט נור. זי איז רעאליסטיש ביז'ן העכסטען גראד. זי לעגט פאר'ן לעזער אוועק דאס גאנצע מאטעריאל אין זיין רויהער פארם. זי ציהט ניט קיין שליסע. אליין האלט זי זיך אין הינטערגרונד. אבער זי דערגרייכט איהר ציעל. עס געלינגט איהר צו פאראינטערעסירען שטארק דעם לעזער, און וואס נאך מעהר קען א שרייבער האפען?

ב'אין אין גאַנצען אַ יאָהר צעהן זייט מאַראַה ב. סמיטה האָט
אָנגעהויבען שרייבען. זי איז געווען די ערשטע פראָפעס'אָנעלע
פרויען מיטאַרבייטער פון אַ אידישער צייטונג אין אַמעריקאַ.
דער שרייבער פון די צייל'ען איז געווען איהר אַרויסהעלפער די
ערשטע צייטען, און עס איז געווים אַ צופריעדענהייט פאַר איהם
צו זעהן ווי זי האָט זיך ענטוויקעלט די לעצטע עטליכע יאָהר צו
אַ באַדייטענדער צייטונג־שרייבערין. די בילדער פון די געריכטע־
הייזער וואָס מרס. סמיטה לעגט פאַר פאַר דעם ערשטען מאָל אין
בוך־פאָרם זיינען זיכער ניט די בעסטע זאַכען וואָס זי וועט אין
איהר לעבען באַשאַפען. זי האַלט זיך נאָך אין ענטוויקלען. ווען
איהר שאַפונגען וועלען קריגען אַ מעהר ליטעראַרישע פאָרם, וועט
מען זיך מיט איהר מוזען רעכענען אין דער אידישער ליטעראַטור.
זי האָט אַ טאַלאַנט פאַר פאַרשטעלען גאַנצע בילדער מיט בלויז
עטליכע שטריכען. פון איהר וועט אַרויסוואַקסען אַ זעהר אינטער־
רעסאַנטע קראַפט אַלס שרייבערין פון קורצע ערצעהלונגען. אָבער
אויך איצט קען מען זי שוין לעזען מיט פאַרגעניגען, ווייל זי דער־
גרייכט די געפיהלען פון די לעזער אויף אַ נאַטירליכען, ניט־גע־
קינצעלטען אופן.

אין די בילדער דאָ איז דאָ אפשר אַן איין־טאָניגקייט. אָבער
מען דאַרף האָבען אין זינען אַז דאָ האָט די פאַרפאַסערין צו טהאָן
מיט פאַרברעכער, מיט מענשען וואָס ווערען געפאַנגען אין איינס
אין דעם זעלבען נעץ, און די געמיין פון געריכטיגקייט איז אַלע
מאָל שטרענג און ערנסט און מאָנאָטאָן. פון דענסטמוועגען געלינגט
עס דער פאַרפאַסערין, פון צייט צו צייט, צו געפינען אַ מענשליכען
אייכדרוק אין די אויגען פון אפילו דער פאַרהאַרטעוועטער מאַדאַם
ויכטין און זאַגאַר אַ שמייכעל אויף איהרע צוזאַמענגעדריקטע ליפען.
אין דאָס איז אַ דאַנק דעם, וואָס מאַדאַם סמיטה איז אַליין אַ ברייט־
האַרציגער מענש, וועלכע זעהט פאַר זיך נור דאָס אייביג מענשליכע
אין דעם מענש און אין די געטער וואָס דער מענש האָט זיך גע־
שאַפען.

25טער מאַי, 1919. וויליאַם עדלין.

# מ ע ר י.

ערי ג.! — האָט אויסגערופען דער נידעריגער, פעטער קלוירק.

פון צווישען א לאַנגע רייהע פריזאָנערס, וועלכע זיינען געזעסען רעכטס נעבען די אייזערנע גראַטעס, האָט זיך אויפגעהויבען מערי. איהרע טריט זיינען געווען אונזיכער, ווי צעהלענדיג די שפאַן.

זי איז אויפגעטראָטען פאר דעם ריכטער.

דער יונגער ריכטער האָט זי פערטראַכט אנגעקוקט עטליכע סע־קונדען, און האַלב שמייכלענדיג געזאָגט:

— מערי. איהר זעהט אויס אביסעל געענדערט, וואָס טהוט איהר ווידער דאָ?

— געענדערט צום בעסערען, אדער ערגערען? — האָט זי גע־פרעגט, איגנארירענדיג זיינע לעצטע ווערטער.

— ערגער, מערי! — האָט דער ריכטער פריינדליך ערקלעהרט.

— אַ שעהנעם קאָמפּלימענט גיט איהר מיר, — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

איך וויים ניט אויב איהר שמייכעל האָט געקענט אָנגערופען ווערען שמייכעל. זי האָט מאָדנע פערקרימט איהרע פערטריקענטע ליפּען. נאָר אין די אויגען האָט מען געקענט זעהן אַביסעל דעם שמייכעל, דאָס גאַנצע פּנים האָט געהאַט אַ זויערען אויסדרוק. א שרעקליך פּנים איז דאָס געווען! איך האָב שוין געזעהען א סך פּנים'ער פון די אויסוואורפען פון דער געזעלשאַפט, מיאוסע פּנימער, אָבער מערי'ס איז געווען אנדערש.

דאָס מערקווירדיגסטע איז געווען דאָס נערוועזע דרעהען מיט איהר קין. אָט איז דער קין געווען שעהן, כמעט גוט פּאָרמירט, אביסעל שפּיציגער, און א סעקונדע שפּעטער איז ער שוין געווען פּערדרעהט אביסעל אויף א זייט, מיטגעהמענדיג מיט זיך א האלבען מויל אין איין זייט נאָז.

דער מויל וואָלט ניט געווען שלעכט. לאַנגע פולע ליפּען, אביסעל צו טרוקענע אבער מיט א קרומען שמייכעל אויף זיי.

די נאָז א לענגליכע, בעשאָטען מיט א סך רויטע פרישטשיקעס, און פון אונטער דער טיעף רויטער, פאַלשער פּארב אויף די באקען, האָבען די פרישטשיקעס אויסגעזעהן בלוי, קרענקליך.

עס איז געווען א פּנים פון וועלכען מיר רוקען זיך אינסטינקטיוו אָב...

אויגען שווארצע, מיעדע, מיט דיקע געשוואָלענע דעקלעך. דער שטערען רויט צוקראַצט, האַלב פערדעקט מיט א שמוציגען שווארצען שטרוי הוט, פון אונטער וועלכען עס האָבען אין גרויסער אונאָרדנונג אפּיר געהאנגען לאַנגע פּאַסעס האַלב גראָהע האָר.

קליידער שטאַרק אָבגעטראָגענע. א לאַנגער גרין־שווארצער מאַנטעל, שמוציג, גלאַנציג מיט אויסגעריבענע, פּעדימדיגע, צו לאַנגע ארבעל, פון וועלכע עס האָבען זיך ארויסגעזעהן צוויי מאָגערע, שמוציגע הענט.

צוויי גרויסע מענערשע שיך, פּערבונדען ניט פּערשנירט מיט ברוינע בענדלעך. דינע שווארצע זאָקען, מיט עטליכע לעכער, און איין זאָק האָט זיך געזעהן א קליין בלאָהע באָקסעלע.

און דאָס איז געווען מערי!

און דאָס האָט געשמייכעלט.

— מערי, וואָס טהוט איהר ווידער דאָ? — האָט נאָך אמאָל געפרעגט דער דזשאָדזש.

— ס'האָט זיך מיר פּערבענקט נאָך אייך, יור האנאר, — האָט זי געענטפערט מיט א קרומען וואונק.

דער יונגער ריכטער איז רויט געוואָרען. ער האָט שטייף אויסגעצויגען זיינע ברייטע פּלייצעס, א דרעה געטהאָן זיינע קליינינקע

יאנצעס, געפּרובט זיין שטרענג און אין אַ מילדער שטימע שטיל געזאַגט:

— מערי, זייט ערנסט.

— צו וואָס? איהר זייט שוין ערנסט פאַר מיר אויך.

— אָפּיסער, וואָס איז די קלאַגע געגען איהר? — האָט זיך דער ריכטער אינגעהילדיג געווענדעט צו דעם הויכען, דאַרען פּאָליסמאַן.

דער געזעץ־היטער איז ארויף אויפ'ן עדות־שטוהל, געשוואָרען צו דערצעהלען דעם אמת, און מיט אַ גראָבער מאַנאָטאָן שטימע ער־קלעהרט:

— איך האָב זי ווידער געטראָפען שלאָפען אין פּאַרק. זי איז גע־ווען בעזאָפען, קיין איין סענט אין טאַש. איך האָב זי אוועקגעפיהרט אין נאַיט־קאורט, און פון דאָרט האָט מען מיר געהייסען איהר ברינ־גען אַהער, ווייל דאָס איז שוין ניט איהר ערשטער פערברעכען.

— און דאָס איז אויך ניט דיין ערשטער ליגען! — האָט זי טראָציג געזאָגט, קוקענדיג דעם פּאָליסמאַן גלייך אין די אויגען.

— מערי, מערי! — האָט זי דער ריכטער געוואָרענט.

— איך בעליידיג זיך ניט פון אזעלכער, — האָט דער פּאָליסמאַן רוהיג ערקלעהרט.

— איך ווייס, ווען איך זאָל ניט מורא האָבען, אז מ'וועט מיך שווער בעשטראָפען, וואָלט איך דיר געזאָגט עטליכע זאכען, פון וועלכע דו וואָלסט זיך יע בעליידיגט! צום ביישפּיעל, איך וואָלט דיר דערמאָנט, אז מיט יאָהרען צוריק, ווען איך האָב יאָ געהאט אַ "סענט אין פּאקעט" —

ווייטער האט זי ניט געקענט ריידען, אַ זעהר דיקער קאורט־אי־נעשטעלטער האט זי אַ שלעפּ געטהאָן פּאַר'ן אָרעם.

דער ריכטער האָט מיט זיין קליינעם האמער, גערופען צו אָר־דנונג. מערי'ס טראָציגע מינע האָט זיך געביטען, דער פּנים איז גע־וואָרען אונטערטהעניג, מיט דעם קאָפּ אויף אַ זייט האט זי געקוקט אויף דעם ריכטער.

— איהר האט געשלאָפען אין פּאַרק? — האָט ער געפרעגט.

— אז מען איז שלעפעריג, מוז מען דאָך שלאָפען.

— ענטפּערט ניט מיט קיין פראגען !

— אהא, איהר ווערט שטרענג ? פליעז, ווערט ניט דראמאטיש, ווערט ניט שטאלץ. כ'האב דאס פיינט. באלד וועט איהר מיר אפשר אויסרעכענען אלע חטאים ? מיר דערמאנען אן אלעס ? פע, איך וויל דאס ניט, איך וויל פערגעסען ! כ'האב געזינדיגט ? כ'האב געשלאפען אין פּארק ? פערשיקט מיך ! וויפיעל, פופצעהן טעג ? צוואנציג טעג ? זאגט, און אן עק !

דער ריכטער האט זי רוהיג אויסגעהערט, זי האט גערעדט שנעל, אויפגערעגט. און די מאָרדע האט נערוועז געטאנצט, ער האט א טיעפען זיפץ געטהאן און ווי מעכאניש ערקלערט :

— דרייסיג טעג !

מערי איז געווארען אביסעל איבערראשט. זי האט א ציה געטהאן מיט די אקסלען און טראציג געזאגט :

— הא, זיך נוקם געווען ?

דער דיקער קאורט אנגעשטעלטער האט זי אנגעכאפּט ביים ארעם און גענומען איהר ארויסשלעפען. שנעל, קוים מערקבאר, האט זי ארויסגעכאפט דאס בלויע באקסעלע פון זאק, עטוואס אריינגעכאפּט אין מויל און צוריקגעשטופּט דאס שאכטעלע אין זאק.

דער הויכער דארער פּאליסמאן האט עס געזעהן, און אויפהויבענדיג די האנד, האט ער אויסגעשריען :

— יור האנאר, זי האט מארפין אין זאק !

— מערי, יא ? — האט געפרעגט דער ריכטער.

— נעהמט ! — האט מערי ערקלערט און אויסגעשטרעקט דעם פוס.

דער דיקער אנגעשטעלטער האט זיך שווער איינגעבויגען, ארויסגענומען דאס באקסעלע פון דעם צוריסענעם זאק, עס א ווארף געטהאן צום קלוירק, און מערי'ן ארויסגעפיהרט.

## צוריסענע שיך.



ס האָט זיך איהם זעהר געוואָלט זיין רייך. זיין גאַנץ יונג לעבען איז געווען א י י ן לאַנגער קאַמפּף פאַר געלט.

ווען ער איז נאָך געווען גאָר קליין, איז געלט געווען דאָס פּאָפּולערסטע וואָרט אין זיין הייב. געלט, געלט, געלט — וועגען דעם האָט מען זיך שטענדיג געקריעגט, צו דעם האָט מען געשטרעבט און געבליבען זיינען זיי אייביגע קבצנים.

אז ער איז געווען קליין האָבען אָפט אויסגעפעהלט שיך און ביינאַכט אויף זיין געלעגער פלעגט ער ביי זיך בעשליסען אז ער וועט ווערען גרויס און פערדיענען געלט, וועט ער זיך קויפען א סך, א סך שיך.

זיינע חלומות פון א סך שיך זיינען דערהוייל נ י ט פערווירקליכט געוואָרען. טראָצדעם וואָס ער ארבייט שוין פיער יאָהר קומט איהם נאָך איצט אויך אויס גאַנץ אָפט צו בעהאַלטען איין פוס אונטער'ן צווייטען, וייל איין שיך איז אָפט א צוריסענער. איבערהויפּט פלעגט ער זיך שעהמען מיט די צוריסענע שיך אין מאַבווייי אָדער אין א קאַר, וואו מען מוז אָבזיצען א לענגערע צייט מיט די פיס פאַר זיך. דאַן האָט ער שטענדיג געדריקט די פיס אונטער'ן זיץ און עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז די, וואָס זיצען אַנטקעגען איהם און נעבען איהם, קוקען ניט אין זייערע צייטונגען, נאָר בגנבה קוקען זיי אויף זיינע צוריסענע שיך.

אין מאַבווייי איז ער נאָך געווען צופריעדען, ווען עס איז געווען נעפּאַקט, און די שיך האָבען זיך ניט ארויסגעזעהן. דאַן

פלעגט ער פערגעסען די שיף און טראכטען וועגען אנדערע זאכען, וועגען גוטע זאכען, ווייל חלומען איז געווען א טייל פון זיין לעבען.

אמאל פלעגט ער חלומ'ען, אז ער ארבייט זיך ארויף אין דער באנק, וואו ער איז אנגעשטעלט אלס שיק־באי, ווערט א גרויסער בעאמטער דארט, ער האט א סך געלט און טהוט שוין אויף זאכען.

ערשטענס וועט ער אוועקשיקען דעם קורצזיכטיגען קלוירק, וואס צושרייט זיך שטענדיג אויף איהם און צווייטענס — צווייטענס וועט ער קויפען שיף, א סך שיף.

דער מאמען — געלע, שעהנע, מיט הויכע קנאפעל; דער שוועסטערעל האלב ווייסע און האלב שווארצע מיט א סך קנעפ־לעך, און דעם טאטען... אה, ניין, דעם טאטען וועט ער ניט קויפען קיין שיך, ווייל ער איז זיכער, אז דער טאטע האט אפט פער־טרונקען דאס געלט אנשטאט צו קויפען איהם שיך און ער ווערט ברוגז אויף דעם טאטען.

דערפאר אבער וועט ער פאר זיך קויפען שווארצע, געלע און קאלירטע, אזעלכע, וואס סקריפען ביים געהן און אט ווייזט זיך איהם שוין אויס, אז זיינע פיס זיינען שוין בעציערט מיט די שעהנע, סקריפענדע שיך, ער וויל זיי בעקוקען, אבער עס איז זעהר ענג אין סאבוויי.

איינבויגענדיג זיך, דערמאנט ער זיך אן דעם פעקעל געלט, וואס ליעגט אין דעם לעדערנעם טאש, וועלכען ער האלט אין האנט און דארף אבטראגען אין א צווייטער באנק. ער נעהמט אויסער־בענען וויפיעל פאר שיך ער וואלט מיט דעם געקענט אבקויפען. ער דערשרעקט זיך, דאכט זיך, ער וואלט געקענט בעקליידען מיט שיך אלע וועמען ער קען.

באלד פאלט איהם איין וויפיעל קען דארט זיין, און עס ווילט זיך איהם בעקוקען. ער מאכט אויף דעם טאש, עס איז אבער צו ענג, געהט ער ארויס אויף דער נעקסטער סטיישאן און נעהמט ציהלען דאס געלט.

פופצעהן טויזענד דאלאר!

ער דערשרעקט זיך א ביסעל. קוקט זיך ארום און דערמאהנט זיך, אז ער איז אבגעשטיגען ניט ביי זיין סטיישאן. ער געפינט זיך אין צוויי־און־פערציגסטער סטריט, גרענד סענטראל. פון דאנען ראכט זיך פאהרען אב א סך טריינס אין ווייטע שטעדט. ער טהוט א ציטער און מאכט צו דעם טאש.

ער שטעלט זיך אוועק ווארטען אויף א טריין וואס פארט דאון־טאון. דא איז גרוים, ער דערזעהט זיין לינקען שוך וועלכער איז צוריסען גראד ביים שפיץ, דארט וואו יעדער קען עס זעהן, און ער לאזט זיך לויפען.

נאך דעם איז אלעס געווען גראדע אזוי ווי זיינע חלומות וועגען רייכטום, ער האט געלעבט, געקויפט דימענטען און געקויפט שיך, א סך שיך, אבער דאס האט בלויז געדויערט עטליכע חדשים. די ניו יארקער דעטעקטיווס האבען זיך דערוואוסט, אז ער איז אין שיקאגא, און זיין חלום האט זיך געענדיגט.

דאס אלעס האט ער מיר דערצעהלט אין פריזאן "פען„ וואו ער האט געווארט אויף זיין "נעקסט„.

איצט שטעהט ער מיט אן אראבגעלאזטען קאפ און די רזשורי ערקלעהרט איהם שולדיג.

דער דזשאדזש האלט א לאנגע לעקציע און פערשיקט איהם אין א "רעפארמאטארי„ אויף דריי יאהר.

ווען דער הויכער קאורט־בעאמטער האט איהם ארויסגעפיהרט האט ער צו מיר שטיל געזאגט:

"די אלע צוועלף דזשורארס האבען שעהנע שיך, און איך האב מיינע געלאזען אין שיקאגא„.



## „שולדיג"!



טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין קאָורט רום. די מעהרסטע אַנוועזענדע זיינען געווען בלאַס און אויפגערעגט, מיט נערוועזע בליקען האָט מען געקוקט אויף דער טהיר דורך וועלכע די דזשורי האָט געדארפט אריינקומען.

אַלע זיינען געווען נייגעריג צו וויסען דעם אורטייל — זיינע פריינד און זיינע שונאים.

דער אַנגעקלאַגטער, וועמעס לעבען עס איז איצט געהאַנגען אין דער לופט איז געזעסען שטיל, מיט זיינע לאַנגע, אויסגעדארטע הענד, פערלעגט אויף די קניה.

מיט א שטאַרען בליק האָט ער געקוקט אויף די הענד — די הענד מיט וועלכע ער האָט זיין יונגע פרוי ערמאָרדעט.

זיינע קאַלטע, שוואַרצע אויגען האָבען זיך אָפט אויפגעהויבען צום זייגער, ער האָט מיט אונגעדולד געקוקט אויף די ווייזערס, וועלכע האָבען זיך זעהר לאַנגזאַם געריהרט, עפּעס ווי זיי וואָלטען פערשטאַנען דאָס אונגליק, וואָס די נעקסטע מינוטען וועלען איהם ברענגען...

זיין טיעפּע מוזיקאַלישע שטימע האָט מיר נאָך געקלונגען אין די אויערען, און ווען ער האָט בעוויינט זיינע בלוטיגע ליפּען האָט זיך מיר אויסגעוויזען, דאָס ער רעדט, ער דערצעהלט ווידער די גרויזאַמע טראגעדיע.

לאַנגזאַם מיט שווערע מיה האָט זיין לאָיער ביי איהם ארויסגעקריגען די פּאַסירונגען פון יענע שרעקליכע מינוטען.

איינציגע ווערטער האט ער גערעדט, שווער געשלונגען נאך יעדען ווארט. עס האט זיך געפיהלט, אז ער דערצעהלט דעם אמת.

זיין מאמע איז געווען אן אלמנה, ער האט פאר איהר געזארגט, זי האט פון קיין נויט ניט געוואוסט ביז ער האט זיך מיט דזשעני׳ן בעגעגענט.

דזשעני איז געווען אין זעהר שלעכטע אומשטענדען, ווען ער האט זיך מיט איהר בעקענט.

זי פלעגט אבלעבען דעם טאג מיט א באטעל מילך און עטליכע קרעקעס, זי איז געווען זעהר צארט, אבער שעהן, א ווייסע, בלאסע שעהנהייט.

אלץ וואס זי האט פעדריענט, האט זי אוועקגעגעבען פאר פיאנא לעסאנס, מוזיק — א מוזיקערין האט זי געוואלט זיין.

ער האט איהר געהאלפען, זי האט פראטעסטירט, אבער ער האט איהר געהאלפען.

זיי האבען חתונה געהאט. אין א קורצער צייט האט זי אויפגע־בליהט אין פולען פראכט...

און איהר מוזיק האט אויך געבליהט.

באלד, באלד זיינען זייערע האפנונגען ערפילט געווארען.

לאנגע שטונדען אין דער נאכט פלעגט ער אבזיצען און זיך איינהערען צו איהר שפיעלען.

ער פלעגט זיין שטארק מיעד, נאך א לאנגען טאג שווערע אר־בייט איז איהם שווער אנגעקומען זיינע אויגען אפען האלטען ביז שפעט אין דער נאכט.

ער איז געווען אן אינדזשיניער, און לאנגזאם האט זיך אנגע־פאנגען צו פיהלען אין זיין ארבייט די מיעדקייט...

עס זיינען אנגעקומען נעכט ווען ער פלעגט איינשלאפען אויף דעם טשער נעבען איהר פיאנא, זי פלעגט זיך פיהלען שרעקליך בעליידיגט פון דעם, און אלס רעזולטאט פלעגט זי ארומגעהן עט־ליכע טעג אנגע׳ברוגז׳ט אויף איהם.

ווען די האפנונגען וועגען איהר צוקונפטיגען ערפאלג זיינען געוועזען אמשטארקסטען, זיינען איהרע פערלאנגען פון איהם געווארען גרעסער יעדען טאג.

ער האט אנגעפאנגען קארגען פון זיין מוטער אוב עס זאל איהם זיין מעגליך איהרע ווינשען צו ערפילען.

צו ביסלעך האט זי אנגעפאנגען אליין צו געהן צו קאנצערטען. זי איז געווארען שעהנער און ער מיעדער, זי איז א היים געקומען שפעטער און ער איז געווארען פערביטערטען געגען איהר.

איין נאכמיטאג איז ער א היים געקומען שטארק אויפגערעגט, די ארבייט איז ניט געגאנגען גוט.

— דזשעני האט זיך געהאלטען ביים אנטהאן, — האט ער דער־צעהלט, — איהר בעגריסונג איז געוועזען שרעקליך קאלט, נאך עטליכע מינוטען שווייגען האט זי זיך מיט מיר גענומען אויסרע־בענען, ווי איך פערנאכלעסיג איהר, איך טהו ניט מעהר נאר איך שלאף, און איהר איז שלעכט.

— צום ערשטען מאל האב איך איהר דאן פארגעווארפען איהרע הונגער טעג.

דאס האט זי שעקליך אויפגערעגט, שנעל האט זי גענומען רייי־סען די קליידער פון זיך, אלעס, האט זי געשריגען, וועט זי מיר צוריק געבען.

— איך האב ביטער געלאכט — אלין? איז דאס דען געוועזען מעגליך?

— אה, וואס פאר א סצענע דאס איז געוועזען!

מיט ביידע הענד האט ער פערדעקט זיין בלאס פנים און ווי בעהאלטענדיג זיך האט ער ווייטער דערצעהלט:

— שרעקליכע ווערטער זיינען געפלויגען פון איהרע ליפען. קלאפענדיג ווילד מיט די פיס האט זי געשריען אז זי ליעבט מיך ניט, האט מיך קיינמאל ניט געליעבט, אז זי האט מיט מיר חתונה געהאט ווייל איך בין געוועזען א "בעקוועמליכקייט,, אבער זי איז מיעד, זי קען שוין מעהר ניט זיין פערשטעלט!

— איך קען איך ניט דערצעהלען וואס שפעטער האט געפאלגט, עס איז שווער צו געדענקען.

— זי האט אבגעלאכט פון מיר, פון מיין פראסטער, ניט מוזיקאלישע נשמה, פון מיין אויסגעארבייטען קערפער, פון מיין "נאטירליכער נייגונג„ צום שלאפען, פון אלץ!

— טויזענדע מאל האט זי געשווארען דאס זי ליעבט מיך ניט, איך וויים ניט איך בין געוועזן ווי משוגע, — זאגט ער אבוויי־שענדיג דעם שוויים פון זיין שטערען.

— איך האב געשאסען און איצט בין איך דא — האט ער מיט א פערקרימטען שמייכעל געענדיגט און ווידער פערדעקט די אויגען.

ווען עס האט זיך אויסגעוויזען דאס די ווייזערס פון זייגער ריהרען זיך שוין גאר ניט פון ארט, איז דער דזשאדזש אריין, זיין "דראמאטישער„ ארויפגעהן אויף דער "בענטש„, זיין האנד, וועלבע ער האט מיט קענטיגער איסרעבענונג אוועקגעלעגט אויפ'ן הארצען. (יעדען טאג אויף דעם זעלבען פלאץ), זיין טעאט־ראלישער בוקען זיך צו די אנוועזענדע האט עפעס איצט אין די שרעקליך־ערנסטע מינוטען אויסגעזעהן אזוי לעכערליך.

די דזשורי, מיט בלאס ערנסטע פנים'ער, מיט פערקלעהמטע ליפען זיינען ווי מיט געצעהלטע טריט לאנגזאם אריין אין „באקס"

שטיל איז אז אויפגערעגטער שטימע האט דער פארמאן ער־קלעהרט: "שולדיג„!

אלע האבען געקוקט אויף דעם אנגעקלאגטען, איך האב אויך געקוקט. עפעס האט זיך מיר אויסגעוויזען, דאס ער ווערט קלע־נער, קלענער יעדע סעקונדע...

זיין הויכער קערפער איז געווארען קליין, די אדערען אויף זיין שטערען זייגען געווארען גרוים און בלוי, שנעל ווי א בליץ האט ער א כאפ געטהאן דאס גלאז מיט וואסער פון טיש, צודריקט עס אין זיין האנד און מיט דעם גלאז זיך צושניטען זיין האלז.

עס איז געוואָרען א שרעקליכער טומעל, מאַנכע האָבען בלוין געזעהן בלוט, בלוט האָט זיך געגאָסען פון דעם אָדער וועלכען ער האָט איבערגעשניטען.

פרויען האָבען גענומען חלש'ען און מענער ווילד ליופען, און האָט אויסגעזעהן רויט, נאָר די ווייזער פון זיינער האָבען אויס־געזעהן שוואַרץ — שרעקליך שוואַרץ...



# אַ קאָמעדיע.



בעקאַנטער האָט מיך געפרעגט: „וואָרום שרייבט איהר ניט אמאָל אַ קאָמעדיע? איהר מוזט זיך געווים אָנהערען א סך שפּאַס אין קאָורט“. און איך האָב איהם צוגעזאָגט, אָבער עס איז שווער. דאָרט אין יענער געביידע פון טרעהרען און אומגליק; דאָרט וואו איהר זעהט די נשמה אינגאַנצען אַ נאַקעטע, דאָרט זיינען אויך די קאָמעדיעס האַרצרייסענדע טראַגעדיעס. יעדער שפּאַס האָט דאָרט א טרויעריגען מקור. צום ביישפּיעל: איך דענק, אַז יעדעס קינד וואָס קומט אויף דער וועלט איז בערעכטיגט צו אַ וואַנעלע, אַן אייגען וואַנעלע, וואו עס שטרעקט אויס די יונגע גליעדער און וואו עס בעווייזט די ערשטע קונצען שפּיעלענדיג מיט'ן וואַסער, שפּריצענדיג אויף דער שמייכלענדער מאַמע. קענט איהר זעהן אַ שפּאַס אין דעם פאַקט, אַז אַ פאָטער קען ניט בעזאָרגען זיין נייגעבוירען קינד מיט אַ וואַנעלע? און דאָך איז אזאַ פּאַסירונג געווען א שפּאַס אין געריכט. אַלע האָבען יענעם פריהמאָרגען געלאַכט; מאַנכע מיט ביטערע שווערע הערצער, אָבער מען האָט געלאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי שטאַרקע, הויכע פּאָליסלייט האָבען איהם אריינגעבראַכט. גאָר קליין האָט ער אויסגעזעהן נעבען זיי. פון זיין קערפּער, וועלכער איז געווען פון מיטעלען וואוקס, זיינען לויז געהאַנגען די קליידער. זיין מאַגערער פנים האָט בעוויזען, אַז ער א־

שוין עטליכע טעג ניט געווען ראזירט. א פּאר קורצע, געלע וואַנ־צען האָבען זיך אריינגעשטופּט אין זיין דינעם מויל. די אויגען זיינען געווען ווילד און איבערגעשראָקען און אין זיין האַנט האָט ער פעסט געהאַלטען א קליין וואַנעלע.

די פּאָליסלייט, דער צושראָקענער מאַן און דאָס וואַנעלע האָ־בען פאָרגעשטעלט אַ טראַגי־קאָמיש בילד. אין קאָורט האָט אויס־געבראָכען א הויכער געלעכטער. מען האָט גענומען זיך וויצלען: „ער דאַרף א באַד“; „זעהט נאָר, ער וויל זיך באָדען“; „גאָר, וואָ־רום האָט איהר שוין ניט גע'גנב'עט א גרויסע וואַנע? איהר האָט מורא פאַר א סך וואסער?“ אזעלכע און עהנליכע שפּאַסען האָבען זיך געהערט פון פערשיעדענע ווינקלען פון געריכט־זאַל. דער יונ־גער דזשאַדזש האָט אויך געשמייכעלט און ווי לפנים נאָר לאַנג־זאַם געקלאַפּט מיט דעם קליינעם האַמער פאַר אָרדער.

עס איז געווען אַ פּאָליס־קאָורט, וואו נייע אַרעסטאַנטען ווע־רען געבראַכט. דאָרט ווערט ענטשיעדען, אויב איינער זאָל פער־האַלטען ווערען פאַר א ווייטערען פּראָצעס אָדער בעפרייט ווערען.

מיט א לייכטען שטופּ האָבען די פעטע פּאָליסלייט אַוועקגע־שטעלט דעם צושראָקענעם יונגענמאַן פאַר דעם ריכטער. דער יונ־גערמאַן האָט מיט שרעק זיך ארומגעקוקט, לאַנג געקוקט אויפ'ן זייגער און אַוועקגעלעגט דאָס וואַנעלע נעבען זיך.

דער ריכטער האָט איהם לאַנג בעטראַכט און מיט אַ לייכטער שטימע געפרעגט:

— גע'גנב'עט דאָס וואַנעלע?

דער יונגערמאַן האָט א לייכטען ציטער געטהאָן. איינער פון די פּאָליסלייט האָט זיך אויסגעהוסט און הויך ערקלעהרט:

— ניין, יור האָנאָר!

— טאָ וואָרום האָט איהר איהם אַהער געבראַכט?

ער האָט זיך צושלאָגען מיט דעם גאַרד אויף א טהוירד עוועניו ניוייטער סטיישאָן, — האָט געענטפערט דער צווייטער מאָן.

דער יונגער ריכטער האָט זיך העפטיג אויפגעזעצט און עטליכע סעקונדען געקוקט אויף דעם צושראָקענעם מאַן.

— ער זעהט ניט אויס ווי איינער וואָס שלאָגט זיך, — האָט ער ענטשלאָסען ערקלעהרט.

— דער גאַרד האָט אזוי געזאָגט.

— וואו איז דער גאַרד?

— ער איז ווייטער געפאָהרען.

— איהר האָט געזעהן, ווען ער האָט זיך געשלאָגען?

— נ־ניין, — האָבען ניט ווילענדיג ערקלעהרטביידע פּאָליסליים.

דער ריכטער האָט ווידער געשמייכעלט און געזאָגט:

— איך דענק, אז איך וועל אייך אויסהערען, — ווענדענדיג זיך צום אָנגעקלאָגטען.

יענער האָט צושראָקען א ציטער געטהאָן, זיך אָנגעכאַפּט מיט איין האַנט אָן דער פּאַרענטשע און שטיל געזאָגט:

— איך האָב געוואָלט אריין אין טריין און ער האָט מיך אָבגעשטויסען, אָבגעשטויסען.

— ווארום?

— יוייל, ווייל א־איך האָב ניט געוואוסט אז איך טאָר דאָס וואַנעלע אין טריין מיט זיך ניט נעהמען. ער האָט מיר דאָס ניט געזאָגט, נאָר מיך אָבגעשטויסען, האָב איך איהם אָנגערופען מיט א נאָמען וואָס פּאַסט פאַר איהם.

— וואָס האָט איהר געוואָלט מיט דער וואַנעלע? — האָט דער דזשאַדזש ווייטער געפרעגט.

— איך האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט: איך פערזיכער אייך.

— אָבער וואָס האָט איהר געטהאָן מיט דער וואַנעלע? — האָט דער דזשאָדזש געשמייכעלט.

אין קאָורט־רום האָט זיך געפיהלט א פערשטיקטער געלעכטער.

— מיין, מיין שוועסטער וואוינט אין סאָפאָלק סטריט, האָב איך דאָס ביי איהר גענומען: זי וועט דערויף שווערען.

— אבער צו וואס ? !

— כ'האב אייך דען ניט דערצעהלט ? זעהט נאר, איהר ווייסט ניט ! — און זיינע אויגען זיינען אנגעצונדען געווארען מיט א גליקליך פייערל, פון זיין פנים איז אראב די שרעק און עס איז געווארען אן אנדער פנים.

מיט א שטילער, געענדערטער שטימע האט ער פארטגעזעצט :

— מיין פרוי, מערי, האט היינט פארטאג א אינגעל געבוירען. מיר האבעןביידע געוואלט א אינגעל. און אזוי ווי מען האט מיר נאר אנגעזאגט די גוטע בשורה, בין איך שנעל געלאפען צו מיין שוועסטער אין סאפאלק סטריט. דאס הייסט, איך בין געפאהרען, ווייל מיר וואוינען אין דער הונדערט און דריטער סטריט. געלאפען בין איך צו נעהמען די וואנעלע, ווייל מיין שוועסטער הארף עס איצט ניט האבען און איך קען איצט ניט קויפען. שטעלט ער מיר גאר אב, אזא באם !

— און דאס קינד האט נאך אליין ניט געקראגען קיין באד ? — האט דער ריכטער געפרעגט.

— ניין, ניין ! און מערי וועט ניט וויסען וואס מיט מיר האט פאסירט, — האט ער געענטפערט, קוקענדיג מיט אנגסט אויף די ווייזערס פון זייגער, וועלכע האבען זיך שנעל גערוקט.

—טא געהט אהיים און באדט אב דאס קינד, — האט דער דזשאדזש געזאגט.

און איידער ער האט נאך ארויסגעזאגט דיזע ווערטער איז שוין דער מאן געלאפען, אנהאלטענדיג דאס וואנעלע מיט ביידע הענט.

און אין קאורט־רום האט מען שטארק געלאכט....



## זי פאָלגט.



ר איז אַ גענגסטער און זי איז זיין געליעבטע. ער גנב'עט און זי בעהאַלט זיינע גנבות. ער שיסט אַמאָל און זי בעהאַלט דעם רעוואָלווער. ער בעהאַלט זיך און זי העלפט איהם.

ער איז אַ הויכער, אַ שווארצער, מיט אַ גרויכען שפּיציגען נאָז, מיט דיקע ליפּען וועלכע זעהען שטענדיג אויס טרוקען, מיט זעהר אַן אונאַנגענעהמען אויסדרוק אַרום זיי, מיט פּראָמינענטע גרויסע אויערען, וועלכע הענגען אַרונטער ווי ביי אַ הונט. דאָס איינציגע שעהנע אין איהם זיינען זיינע אויגען. זיי זיינען גרויס, זעהר שוואַרץ, לאַשטשענד, וועלכע זיינען אין איין מאָמענט שטיל, בענקענד, און אין דעם צווייטען — פייערדיג, אַרויסרופענד.

ער איז פּראָצעסירט געוואָרען פאַר אַטאַקירען אַ זיבעציג־יעהריגען מאַן. און ווען איך האָב זייביידען געזעהן אין געריכט האָב איך ניט געקענט פערשטעהן, וועלכע געהיימניספולע בענדער פון דער נאַטור בינדען דאָס יונגע, בלאָנדע מיידעל צו דעם הויכען ברוטאַלען מאַן.

זי איז געווען אַזוי יונג, מיט אַזא קינדערישען אויסדרוק, אַז זי האָט מיך דערמאָנט אַן די בילדער פון גאָר יונגע מיידלעך, וואָס די מאָלער האָבען מיט יאָהרען צוריק געמאָלען און וועלכע מיר זעהען איצט אין די מוזעאומס. און ווען מיר קוקען אויף זיי וואונדערען מיר זיך וואָרום מיר זעהן איצט ניט אַזעלכע מיידלעך. איהרע אויגען זיינען געווען קינדעריש־בלוי און, ווען זי האָט גע־

קוקט אויף איהם זיינען זיי געוואָרען נאָס און פול מיט געבעט.

איהר שטערען איז געווען אַ הויכער, אַ קלוגער, עפּעס האָט זיך מיר געוואָלט גלעטען דעם שטערען.

זי איז געזעסען אויף דער לעצטער באַנק און האָט שטענדיג געצויגען דעם שנעע־ווייסען האַלז און געקוקט אויף איהם.

ער איז געזעסען — אַ גרויסער, אַ ברייט־פּלייצעדיגער אויף דער אַנהאַלטע־באַנק. זעלטען האָט ער געוואָרפען אַ בליק אויף דאָס בלאַסע קינד. און ווען ער האָט אויף איהר יא געקוקט איז איהר פּנים געוואָרען אָנגעצונדען מיט דער ליכט פון הימלישען פרייד.

אַ סך עדות האָבען דערצעהלט וועגען זיין שלעכטער אויפ־פיהרונג, אָבער דאָס מיידעל האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי זי הערט קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס מען דערצעהלט: אַזוי ווי זי וואָלט געווען זיכער, אַז עס איז ניט אמת. זי האָט בלויז געקוקט אויף איהם. און פון דאָרט וואו זי איז געזעסען האָט זי בלויז געקענט זעהן זיין דיקען ראַזירטען האַלז. אָבער זי איז געווען מיט דעם צופריעדען.

אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט האָט ער צוזאַמען מיט נאָך עטליכע חברים בעפאַלען אַן אַלטען מאַן, ביי איהם אַוועק־גענומען זיין זייגער און די עטליכע דאָלער, איהם אָנגעקלאַפּט און אַנטלאָפען. די חברים זיינען פערשוואונדען און איהם האָט מען געכאַפּט.

פון די בעווייזע האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיי האָבען ניט געזוכט דעם מאַן מיט זיינע פּאָר דאָלער, נאָר אַז דער מאַן האָט געהאַט אַ שונא און דער שונא האָט געדונגען די גענגסטערס זיי זאָלען איהם אָנקלאַפּען.

דאָס מיידעל האָט עטליכע מאָל שווער אָבגעזיפצט, ווען די בעווייזע זיינען דערצעהלט געוואָרען, און ער האָט געביסען זיינע דיקע ליפּען און געשמייכעלט.

אַז די פערטיידיגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען איז זי געווען דער ערשטער עדות.

ערשט האט זי אויסגעזעהן אזוי פערצווייפעלט, אזוי פערלארען אין דעם גרויסען עדות־שטול. שטאמלענדיג האט זי אנגעגעבען איהר נאמען, אדרעס און די יאהרען. זיבעצען יאהר! און די בעריהמטע געליעבטע פון א בעריהמטען געגנסטער שוין צוויי יאהר!

זיין אדוואקאט פרעגט:

— קענט איהר דעם יונגענמאן?

— יא, שוין צוויי יאהר.

— קענט איהר איהם אלס פיינעם מאן?

— יא, יא.

ווייסט איהר וואו ער איז געוועז דעם אבענד פון פערטען אפריל?

— איך...

דא האט זי זיך אבגעשטעלט און געקוקט מיט א האלב אפען מויל אויף דעם אנגעקלאגטען.

יענער האט פערביסען די ליפען. זיינע שעהנע שווארצע אויגען זיינען געווארען שרעקליך. א בייזער פייער האט זיך אין זיי אנגעצונדען. זיין ברוסט האט זיך שנעל געהויבען און זיינע לאנגע אויערען האבען זיך געטרייסעלט. ער האט אויף איהר געקוקט מיט א שרעקליכען בעפעהל אין זיינע אויגען. זי האט דעם בליק פערשטאנען און געפאלגט:

— ער איז געוועזען מיט מיר — האט זי ענטשלאסען געזאגט.

— וואו?

ווידער האבען איהרע קינדערשע אויגען געקוקט אויף איהם, געזוכט דעם ענטפער איז זיין פנים און ווידער האט זי געפאלגט און מיט א געמאכט געלעכטערל געזאגט:

— מיט מיר, מיט מיר אין אונזער צימער, הע, הע, מיט מיר...

און א גרויסער טראפען שוויים איז ארונטערגערונען פון איהר קינדערשען שטערן.

אין ווידער האט זי געקוקט אויף איהם און זיינע דיקע ליפען האבען איצט געשמייכעלט. צווישען זיי האט זיך בעוויזען צוויי

רייהעס זעהר שעהנע צייהן. ערמוטיגט ביי דעם שמייכעל האט זי ווידער געזאגט:

— מיט מיר. איך שווער איך, אז מיט מיר איז ער געווען.

דער ערנסטער ריכטער האט זיך אוועקגעדרעהט מיט פער־אכטונג.

אין צוויי שטונדען שפעטער, ווען די דזשורי האט דעם געגנ־סטער ערקלערט שולדיג, האט דער ריכטער גערולדיג געבעטען די מיידעל, זי זאל געהן אהיים און זיין גוט. אבער זי האט ביטער געוויינט און געשריען:

— איך וועל געהן מיט איהם, איך וויל געהן מיט איהם.



# שרעק.


יהר פראצעס איז געווען פון יענע שטילע פראצעסען, וואו אלעס געהט צו לאנגזאם און די עדות רעדען שטיל, האלב פערשטיקט.

זי איז געזעסען א צובראכענע אויף דער אנקלאגע באנק. איהר ווייסער קאפ איז פערצווייפעלט אראב־געהאנגען אויף איהר ברוסט. איהר גאנצער אויסזעהן האט גע־וויזען אויף אלטער, ווענינסטענס אויף די מיטעלע יאהרען פון א פרוי, אבער ווען זי האט דעם ווייסען קאפ אויפגעהויבען, האבען אויף אייך געקוקט א פאר יונגע גרויסע אויגען און גאר טיעף, אין די גרויסע אויגען האט מען געקענט זעהן סמנים פון איהרע ליידען. דער פנים איז אויך געווען יונג, א הויז צוויי טיעפע קנייטשען ביים מויל, וועלכע האבען דערצעהלט וועגען גרויסען צער.

אין געריכטס־זאל זיינען געווען בלויז מענער. א חוץ עטליכע זשורנאליסטקעס האט דער היטער ביי דער הויכער טיר קיין פרויען נישט אריינגעלאזען.

— די בעווייזע זיינען נישט פאר א פרוי'ס אויערען — האט ער שטיל געזאגט יעדעס מאל, ווען א פרוי האט געוואלט אריינגעהן.

די קלאגע געגען דער אלט־יונגער פרוי איז געווען „אנגריף“, און דער קלעגער איהר אייגענער מאן!

דאס סענסאציאנעלע, דאס וואס דער היטער ביי דער טהיר האט געהאלטען פאר ניט פאסענד פאר די אויערען פון פרויען, דאט געדארפט קומען אין די אויסזאגונגען פון דעם מאן.

אבער די, וואס האבען אויף דעם געווארט, זיינען געווען ענ־

טוישט, ווייל דער מאַן איז געווען אַ זעהר צוריקגעהאַלטענער ערות. אין האַלבע אַבגעהאַקטע ווערטער האָט ער אין אַ שוואַכער שטימע קוים געענטפערט אויף די פראַגעס פון דיסטריקט אַטוירני.

ווען די ערשטע צוויי עדות, אַ פּאָליסמאַן און אַ דאָקטאָר, האָבען דערצעהלט, אַז זיי האָבען געטראָפען דעם מאַן אַ פערוואונדעטען, זיין קאָפּ צושניטען פון אַ פלאַש, האָט די פרוי געקוקט גלייכגילטיג פאַר זיך. ערשט ווען איהר מאַן איז אַרויף אויפ'ן עדות־שטול האָט זי נייגעריג, מיט פערביסענע ליפּען געקוקט אויף איהם מיט אַ לאַנגען דורכדרינגענדען בליק, פון וועלכער ער איז געוואָרען שטאַרק צומישט און שטאַמלענדיג אַנגעגעבען זיינע יאָהרען: „אַכט־און־דרייסיג“.

ער איז געווען אַ הויכער, ברייט־פּלייציגער מאַן, מיט סימפּאַטישע ברוינע אויגען און מיט אַ ברוטאַלען שטריך אַרום זיינע פולע רויטע ליפּען.

אונטער זיין רעכטען אויער איז געווען אַ טיעפער רויטער שניט, קוים פערהיילט, וועלכער האָט זיך געצויגען כמעט ביז צו זיין פיער־עקיגער מאָרדע.

ווען זיינע אויגען האָבען בעגעגענט זיין פרוי'ס האָט ער שנעל אַרויסגענומען אַ ווייס טאַשענטיכעל און בעהאַלטען דעם שניט. זיין האַנט האָט געציטערט.

זיין שטימע איז געווען אונזיכער, ווען ער האָט געענטפערט אויף דעם דיסטריקט אַטוירני'ס פראַגע, ווער עס האָט איהם פערוואונדעט.

— מיין פרוי.

— מיט וואָס ?

— מיט אַ פלאַש.

— וואָרום ?

— איך... איך... איך קען וועגען דעם ניט רעדען. איך האָב זיך גענוג געבעטען, איך וויל ניט זיין קיין עדות.

און וואָס מעהר דער דיסטריקט אַטוירני האָט געפרעגט און דער ריכטער האָט בעפוילען, אַלץ מעהר האָט ער זיך געשלאָגען

מיט ווערטער, געשטאַמעלט און געלייקענט, ביז ער האָט זיך אַרויס־געדרעהט פון זייערע פראַגעס.

ווען זי איז ארויף אויפ'ן וויטנעס־סטענד אלס עדות פאר זיך אליין איז איהר פנים געווען זעהר רוהיג, א חוץ איהר אונטערשטע ליפּ, וועלכע איז געווען בלאַהליך־ווייס און האָט שטאַרק געציטערט.

— ווי אַלט? — האט געפרעגט איהר לאַיער.

— פינף־און־דרייסיג — איז געקומען א שטילער ענטפער און איבער דעם געריכטס־זאַל האָט זיך געהערט אַן איבערראַשט מור־מלען:

— פינף און דרייסיג און שוין גרוי.

— קינדער?

— יע. זעקס.

— האָט איהר געוואָרפען אַ פלאַש אין אייער מאַנ'ס קאָפּ?

— וואָס איז אין דער פלאַש געווען?

— יע. אַ פּעטענט מעדיצין, וואָס איך האָב מאַנאַטען לאַנג גענומען זיך צו שטאַרקען. אַבער וועלכע האָט מיר ניט געהאָלפען.

— ווארום האָט איהר דאָס געטהאָן?

— ווייל... ווייל... — איהר בלאַס פּנים איז שטאַרק רויט געוואָרען און אונטער דער דורכזיכטיגער הויט האָט מען געקענט זעהן, ווי דאָס בלוט פערלויפט איבער דעם גאַנצען פנים. — איך בין געווען שטאַרק נערוועז יענעם אָווענד. איך בין שטענדיג נערוועז. יענעם טאָג זיינען די קינדער געווען זעהר שלעכט. איך האָב מיט זיי ניט געקענט אויסקומען. דער קאָפּ איז מיר געווען אַזוי גרויס און שווער. עפּעס האָט זיך מיר געמישט אין קאָפּ. מיין אינגסטע קינד איז צוויי יאָהר אַלט. ווען אַ קינד איז אַכצעהן מאָנאַטען אַלט, האָב איך שוין שטענדיג אַן אַנדערס. ווען די ער־שטע דריי זיינען געקומען האָט מיר נישט געאַרט. איך בין נאָך געווען יונג און שטאַרק. איך האָב געהאַט כח און האָב געקענט אַרבייטען. אַבער מיט די לעצטע דריי האָב איך שוין פערגעסען. אַז איך בין אַ מענש. ארבייטען ארום זעקס קינדער און נאָך דאַר־פען נעהען פאַר זיי, ווען איך וויל זיי זאָלען זיין אָנגעטהאָן, איז

ניט פאַר מיינע כחות. דעם אינגסטען איז טאַקע שלעכט. איך האָב קיינמאָל קיין צייט ניט איהם צו געבען אַביסעל לופט. און זינט ער איז געבאָרען האַלט איך אין איין בעטען גאָט, אַז ער זאָל זיין דער לעצטער. דער געדאַנק פון נאָך אַ קינד מאַכט מיך משוגע. ווען מיין מאַן שמייכעלט צו מיר בעהאַלט איך זיך... איך האָב מורא פאַר איהם... איך האָב מורא פאַר זיך אַליין... אין יענעם אָווענד בין איך געווען אַזוי מיעד, אַזוי אויפגערעגט, מיין מאַן האָט מיך געוואָלט ארומנעהמען. די שרעק פאַר נאָך אַ קינד האָט מיך געמאַכט ווילד... דאָס פלעשעל מעדיצין איז געווען ביי מיין האַנט און ניט טראַכטענדיג האָב איך עס אין זיין קאָפּ גע־וואָרפען. איך האָב בלויז געזעהן בלוט. איך האָב פערגעסען, אַז ער איז אַמאָל געווען מיין געליעבטער. איך וויל נישט מעהר קיין קינדער!

אַז אויסגעמאַטערטע איז זי שטיל געבליבען.

די דזשורי האָט געזאָגט „ניט שולדיג“ און איהר געשיקט אַהיים ווידער ארבייטען.



# „די מויז".



י אונבעדייטענד קליין, און דאך בעדויערנסווערטה זעהען אוים די מענשליכע ווערקצייג וואס ווערען בענוצט פון גרויסע שווינדלער, כדי אויסצופיהרען זייערע פערברעכענס.

איהר קוקט אן דאס מענשעלע, עס איז קליין, זעהר צושראקען, ער מאכט אויף אייך דעם איינדרוק פון א מיידעל.

ער האט ניט דעם זיכערען, דעם אונפערשעהמטען בליק, ווי דער אמת'ער פערברעכער, וועלכער האט קוראזש און בעגעהט דעם פערברעכען, דיקטירט פון אייגענעם ווילען.

ער איז פון די מענשלעך וואס מען שיקט, פון די וואס לאזען זיך לייכט איבררעדען און פאר עטליכע דאלאר זיינען זיי גרייט צו טהאן אלע שענדליכע פערברעכענס.

אט אזא מייזעלע איז יענעם פריהמארגען געזעסען אויף דער אנקלאגע־באנק. אנדערע, ניט ער, האבען געמאכט טויזענדער און טויזענדער דאלער פון זיין פערברעכען; איהם האט מען געכאפט און ע ר, דער נאר, וועט צאהלען דעם פרייז.

פונקט ווי א מויז אין דער פינסטערער נאכט, ווען מענשען שלאפען, איז ער ארוים פון זיין לאך, זיך ארומגעקוקט מיט זיינע קליינע, שפיציגע אויגעלעך און אנגעמאכט שאדען. איין אונטערשיעד בלויז: זיין ארבייט האט געשטעלט אין געפאהר טויזענדער לעבענס.

ער איז געווען א פייער־מאכער. ער האט געמאכט פייערס פאר געלט. אמאל פאר גאר קליינע סומען געלט!

זיין ארבייט, וועלכע איז בעשטאנען פון א קורצער שעה א נאכט, א ביסעל שרעק און פערשמירטע הענט פון קעראסין, האט איהם געבראכט קוים א לעבען, אבער פאר איהם, דעם פוילען איז דאס געווען גענוג, אבי ער דארף ניט ארבייטען. ער האט ניט פערשטאנען, אז פון זיין אונמענשליכער ארבייט ווערען זיינע באלעבאטים. וואס דינגען איהם, רייך.

און איצט, ווען דאס שטרענגע געזעץ האט איהם געקוקט אין די אויגען, איז ער געזעסען א צושראקענער א צוזאמענגעשרומ־פענער און זיך איינגעהערט צו די בעווייזע פון עדות, עגדליך האט זיין קליינע נשמה אין איהם אזוי גענומען טאנצען, אז ער האט זיך מודה געווען.

זיינע אויסזאגונגען, האבען איינגעשלעפט פיעל „אנשטענ־דיגע“ מענשען.

עס איז געווען א גאנצע באנדע „אגענטען“. וועלכע זיינען רייך געווארען פון אזעלכע פייערען און עס איז אזוי געמאכט גע־ווארען איבער א מיליאן דאלאר.

אבער ער. די מויז. האט פון דעם גאר א קליינעם טייל בעקומען, און דעריבער האט ער גערעדט מיט ביטערקייט וועגען יענע, וואס האבען איהם געהאלטען בלויז פאר א ווערקצייג און האבען פער־געסען, אז אויך א ווערקצייג קען אמאל ריידען.

איצט האט דאס ווערקצייג גערעדט:

— זיי האבען מיך געשיקט, און איך בין געגאנגען.

— וואס האבען זיי אייך געהייסען טהאן? — האט געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— זיי האבען מיר געהייסען מאכען א פייער, זיי האבען מיר אפילו ניט געזאגט, ווי אזוי. איך האב אליין געדארפט קויפען קעראסין, אליין טראגען צייטונג פאפיער, אליין אנצינדען דאס פייער און אליין אוועקלויפען און נאך זעהן זיי אנזאגען, אז אלעס איז אלרייט.

— וואס האבען זיי אייך געזאגט, ווארום שיקען זיי אייך מאכען דעם פייער?

— ווייל, ווייל איך האב אליין פערשטאנען, אז, אז זיי בע־קומען עטוואס פון די לייט ביי וועמען איך מאך דאס פייער, אז זיי. די וואס שיקען מיך, זאלען זאגען פאר די אינשורענס קאמפאניעס, אז עס איז געווען א גוט, גרויס פייער.

— וואס הייסט א גוט גרויס פייער?

— דארט וואו עס ווערען ארויסגערופען עטליכע פייערלעשער קאמפאניעס.

— וויפיעל האט איהר בעקומען פאר אזא פייער?

— אין אנפאנג האבען זיי גוט געצאהלט. אמאל ג א נ צ ע ה ו נ ד ע ר ט ד א ל א ר. אבער שפעטער זיינען זיי געווארען קארג. פאר דעם לעצטען „דזשאב“ האב איך בעקומען ניט מעהר ווי 50 דאלאר.

— און ווען פלעגט איהר די „דזשאבס“ מאכען? — האט ווייטער געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— ביי נאכט.

— האט איהר אמאל געטראכט אז ביינאכט שלאפען אזוי פיעל אומשולדיגע מענשען וועלכע קענען ווערען א קרבן פון אייער „דזשאב?“

— איך, ניין, איך האב פון דעם קיינמאל ניט געטראכט. — האט ער געענטפערט מיט א נארישען שמייכעל.

לאנג האט מען איהם אויסגעפרעגט, און ער האט געענטפערט ניט פערשטעהענדיג די וויכטיגקייט פון זיינע ענטפערס.

און ווען דער ריכטער האט איהם פעראורטהיילט, האט ער אין אנבעטראכט גענומען דאס, וואס ער איז א נאר און איהם „בלויז“ פערשיקט אויף ניט ווניגער ווי צוועלף יאהר, און ניט מעהר ווי פיער־און־צוואנציג יאהר אין פריזאן.

און ער, דאס קליינע מייזעל האט דאנקבאר געשמייכעלט.



# זיינע אויגען.



ער טאג איז געווען א גרויער, א פארבלאזער. פון זיינע אומעטיגע הערבסט טעג, וועלכע ברענגען קראנקהייט און ליידען... באלד אין דער פריה איז געפאלען א געדיכטער רעגען און די פערזאמעלטע האבען מיט זיך מיטגעבראכט א היבש ביסעל אומעט אין דער ניט צו־ווארעמער אטמאספערע פון קאורט־רום.

אבער דער רעגען האט זיי ניט געשטערט. אלע זיינען געקומען בייוואוינען דעם רעזולטאט פון דעם לאנג־געצויגענעם פראצעס. אלע האבען נייגעריג געקוקט אויף דער שעהנער קינדער־מערדערין, וועלכע איז מיט פארלייגטע הענט געזעסען אויף א בריג פון א „טשער“.

דער רוהיגער אויסדרוק, דער שטארקער בליק און די גרויסע בלויע אויגען, וועלכע האבען שטענדיג אראבגעקוקט אויף די פערלייגטע לאנגע, ווייסע הענט — דאס איז געווען די טעגליכע האלטונג פון דער אנגעקלאגטער. ניט קיין פאלשע, געמאכטע האלטונג איז דאס געווען; זאגאר די היציגסטע ארגומענטען פון איהר לאיער האבען איהר ניט געשייגט צו אינטערעסירען, אזוי ווי ניט איהר מיינט מען.

אזא האלטונג אין א קרימינעלער פרוי זעהט מען ניט אפט. דער געוועהנליכער קאורט־בעזוכער איז געוואוינט צו זעהן געוויסע הז'דלעך, מיט וועלכע עס בענוצען זיך זאגאר די מיאוס'סטע פרויען.

מיט דעם זעלבען אויסדרוקסלאזען פנים האט זי דערצעהלט איהר ליידענספאלע יוגענד־טראגעדיע.

לאַנג האָט זי איהר לאַיער געבעטען זי זאָל ריידען. דערזשאַרזש האָט זי אויך געבעטען, אָבער זי האָט געשוויגען, ערשטווען דער ריכטער האָט גענומען שטרענג סטראַשען, האָבען זיך איהרע ליפּען לאַנגזאַם געעפּענט און טרויעריג קוקענדיג פאַר זיך, האָט זי געפרעגט:

— וואָרום האָט מען מיך ניט געלאָזען שטאַרבען?

אין געריכט־זאַאַל איז געוואָרען זעהר שטיל. לאַנגזאַם האָט זי אויפגעהויבען איהרע שעהנע אויגען און געקוקט אויף דעם ריכטער, וועלכער האָט נערוועז געקלאַפּט מיט זיינע פינגער אויף א דיקען געזעץ־בוך.

— ווייל עס איז געגען געזעץ! — האָט ער אין א ליידיגען טאָן געענטפערט.

דעם ערשטען מאָל האָט זיך איהר מינע געביטען. אַ לייכטער איראָנישער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף איהרע דינע ליפּען.

— געגען געזעץ? דאָס געזעץ וואָלט איהר געמעגט אויסמעקען פון בוך!

לאַנגזאַם האָט זי זיך ארומגעקוקט אין קאורט־רום און שטיל ערקלעהרט:

— איך בין בעגאַנגען א שרעקליך פערברעכען... מיין איינציג קינד דערשטיקט... — מיט איין האַנד האָט זי פאַרדעקט די אויגען מיט דער צווייטער נערוועז געדרעהט אַ קנעפּעל פון קאָנט — איך האָב עס געטהאָן, און איך האָב דערפאַר געוואָלט בעצאָהלען מיט מיין לעבען. איך בין געווען זעהר שוואַך, קוים זיך אַריינגעשלעפּט אויף דעם עלעווייטעד סטיישאָן, געוואַרט פאַר א טריין, מיט פערנעכיגען געשפּרונגען, מען האָט מיך געראַטעט... דאָס געזעץ דאַרף מיר האָבען, מיך פּראָצעסירען... אין די ענדע? — דער עלעקטריק־טשער, דער טויט?... איך האָב קיין רעכט, דאָס געזעץ האָט מעהר רעכט אויף מיין לעבען!...

דאָ האָט זי אויפגעדרעהט איהרע אויגען, האָט פאַרביסען די ליפּען און אנשוויגען געוואָרען.

שטיל האָט זי געענטפערט אויף איהר לאָיער'ס פראַגען:

— 23 יאָהר אַלט, געבוירען אין עסטרייך, עלף יאָהר אין אַמע־ריקא.

—מיט וועמען זייט איהר אַהער געקומען?

— אַ טאַנטע האָט מיך אַהער געבראַכט.

— דערצעהלט אונז וועגען אייער קינדהייט, איהר זייט אַ יתומה?

— ווען איך בין געבוירען געוואָרען איז מיין מוטער אַראַפּ פון זינען. איך דערצעהל עס אייך ניט אום צו העלפען מיין פער־טיידיגונג. איך דענק, אַז איהר זייט אינגאַנצען אומגערעכט מיט דעם, וואָס איהר זאָגט, אַז ווען איך האָב מיין קינד ערמאָרדעט בין איך געוועזן וואַהנזיניג. איך פערזיכער אייך, איך בין געוועזן ביים פולען פערשטאַנד.

און נאָך אַ קורצער פּאַוזע האָט זי ווייטער פאָרטגעזעצט:

— ווי איהר זעהט, האָב איך באַלד מיט מיין געבורט אונגליק געבראַכט. פיער קליינע קינדער זיינען מיר געוועזן. די מאַמע האָט מען אוועקגענומען, מיין עלטסטע שוועסטער, וועלכע איז עלף יאָהר אַלט געוועזן, האָט מיך ערצויגען. מיינע פריהערסטע ערינערונגען זיינען קללות. די קינדער האָבען מיר אַלע געהאַסט, איך האָב פון זיי די מאַמע צוגענומען...

— מיין פאָטער... איך ווייס ניט... נור דאַכט זיך, ער האָט מיר קיין מאָל קיין קוש ניט געגעבען. ווען איך בין עלטער געוואָרען, האָב איך פערשטאַנען, אַז ער איז בייז, ווייל ער קען ניט חתונה האָבען. די מאַמע לעבט... און זי האָט געלעבט, אויב מען קען דאָס אָנרופען לעבען, אַכט יאָהר. מען האָט זי געהאַלטען אין אייזענס. אין אַן אַנשטאַלט, וועלכער איז גוט בעקאַנט געוועזן פאַר די רציחות וואָס זיינען דאָרט בעגאַנגען געוואָרען.

— איינמאָל האָט מען מיך מיטגענומען זי זעהן. ריכט זיך, אַז אַ גוטע שכנה האָט עס פּאַרגעטשלאָגען, אפשר וועט די מאַמע, מיך דערזעהענדיג, ווידער קלאָר ווערען.

— עס איז געוועזן אַז אונגליקליכער געדאַנק. זי האָט זיך

וואַהרשיינליך עראינערט. אז איך בין די אורזאכע פון איהר אונ־גליק. דורך די אייזערנע גראַטעס האט זי אונז געהייסען זיך אויסשטעלען, אונז געמאסטען, און ווען זי האט דערזעהן, אז איך בין די קלענסטע, האט זי מיך א סעקונדע אנגעקוקט. אָה, וואס פאר א שטאַרער בליק דאס איז געווען! גאַר ניט קיין אויגען, טיפע לעכער. צוערשט איז דער בליק געווען ערנסט, דאַן האט זי זיך ווילד צולאַכט. און מיטביידע הענד גענומען מיך שלעפען... שלעפען דורך די אייזערנע גראַטעס... ווילד האט זי מיך געריסען צו זיך, אַברייסענדיג מיין אַרבעל, מאַכענדיג מיר טיפע וואונדען אויף דער האַנד.

— ווען מען האט מיך פון איהר אוועקגעריסען, בין איך געווען האַלב אין אַהנמאַכט. אבער איך האָב געהערט איהרע יאַמערליך־ווילדע געשרייען און דאס קלאַפען פון איהר אָרעמען קאָפ אַן די אייזערנע גראַטעס... איך הער עס נאָך איצט...

— עטליכע טעג שפּעטער האָט מען די מאַמע אהיים געבראַכט טויט.

— ווען איך בין ניין יאָהר אַלט געווען, האָט מיין שוועסטער חתונה געהאַט. א קורצע צייט שפּעטער איז איהר מאַן פערשוואונ־דען און זי איז צוריק אַהיים געקומען. אהיים?...פּיער לעדיגע ווענט... דער טאַטע האט חתונה געהאט און איז אַוועק אין א צווייטער שטאָדט, די ברידער זענען זיך אויך באַלד צולאָפען.

— איך און די שוועסטער האבען געלעבט פון האַנד־אַרבייט. רייכע פרויען האָבען עס פון אונז אָפּגעקויפט פאַר געצעהלטע פּע־ניגים און מיר האָבען דערפון געהאַט צוויי און אמאָל בלויז איין מאָלצייט אַ טאָג. מיין שוועסטער האָט מיר נאָך איצט מעהר גע־האַסט. איהר מאַן האט זי פערלאָזען, ווען ער האָט זיך ווענען דער מאַמען דערוואוסט. און דער מאַמען איז דאָך אַלעס געקו־מען דורך מיר. בין איך דאָך ווידער שולדיג.

נערוועז האָט זי געווישט איהר שטערען מיט קראַמפּהאַפטע פינגער, עטליכע סעקונדען געטראַכט, און מיט א ביטערען שמיי־כעל געפרעגט:

— קענט איהר פערשטעהן, וואס פאר א ווירקונג דאס האט געהאט אויף מיינע קינדערשע געדאנקען? איך האב אלעס פיינד געהאט. די שוועסטער, דאס הארטע שווארצע ברויט, די גע־דיכטע שטעק, און איבערהויפט דאס צעהלען פון די מאשין ווען איך האב שפיצען געמאכט — דאס צעהלען פלעגט מיך אזוי צו־מישען.

— מיין שוועסטער האט זיך פערקיהלט און איז קראנק גע־ווארען. עס זיינען אונז אנגעקומען צוויי טיקעטס פון אמעריקא, אבער איך בין אליין געפאהרען, מיין שוועסטער איז געשטארבען.

— איך האב שטארק מורא געהאט פאר אמעריקא. די טאנטע, וועלכע האט מיר דעם טיקעט געשיקט איז דער מאמע׳ס שוועסטער און פיליינט וועט זי מיר אויך האסען; איך האב דאן פעסט גע־גלויבט, דאס איך בין שולדיג אין דער מאמע׳ס וואהנזין.

— עטליכע וואכען איז מיר דא גוט געווען. איך בין אין סקוהל געגאנגען... אין קורצע 6 וואכען איז מיין אנקעל געשטארבען. די טאנטע איז געבליבען אהן געלד און איך בין אוועק ארבייטען ביי ווייסמלעך. אין מיינע ביטערסטע מאמענטען מוז איך שמייכלען, ווען איך דערמאן מיך אן יענע טעג... עס איז געווען א קליינער שאפ, און יעדעס מאל ווען די טהיר האט זיך געעפענט, האב איך זיך געמוזט בעהאלטען אונטער א טיש, מורא האבענדיג פאר א „באארד אוו העלטה" אינספעקטאר. מען האט מיך איינגעלערענט ווי צו זאגען אויף ענגליש „איך בין פופצעהן יאהר אלט". איינ־מאל האט מיך א פרויען־אינספעקטאר דערזעהן אונטער א טיש. און ווען זי האט מיך ארויסגעשלעפט און געפרעגט ווי אלט איך בין? האב איך ציטערענדיג געענטפערט: „פופציג יאהר".

— דער באס איז בעשטראפט געווארען און איך האב מיין דזשאב פערלוירען.

— אן אנדער שאפ... אנדערע ערפאהרונגען... די טאנטע האט חתונה געהאט, איך בין געווארען א באָרדערקע, געגאנגען אין סקוהל ביינאכט, געמאכט א לעבען און שוין באלד, באלד געפיהלט זיך גליקליך... אבער מיין לעבען איז געווען שטארק פוסט. אי־

בגראָל האָב איך געזוכט ליעבע, איך האָב זיך אַלעס שנעל געלערענט, געגאַנגען צו לעקטשורס, פיעל געלעזען, דאָס האָט מיך אָבער ניט צופריעדען געשטעלט. איך האָב געוואָלט ליעבע...

— און מיט צוויי יאָהר צוריק האָב איך מיך מיט „איהם" בעגעגענט — האָט זי שטיל פאָרטגעזעצט. — און באַלד האָט ער מיך בעקענט מיט ליעבע...

— פון דער צוקונפט האָבען מיר קיינמאָל ניט גערעדט. איך בין געוועזען גליקליך. אַז ער האָט מיך געקושט בין איך געוועזען אין זיבעטען הימעל: אַז ער האָט מיינע האָאר געגלעט, האָב איך אָפט געטראַכט דאָס ער טהוט עס אַנשטאָט דער מאַמען, דעם טאַטען... מיין הונגעריג האַרץ איז געוועזען גליקליך... קיין זאַך האָט מיך ניט געאַרט. ווען מיר האָבען זיך צוויי יאָהר געקענט, האָב איך דערפיהלט, אַז איך ווער מוטער. איך בין אין שאַפּ מעהר ניט געגאַנגען, אין מיין צימער האָב איך פרעהליכע ליעדלעך געזונגען און געמאַכט זיסע קליינע קליידעלעך... אויב... — און ווידער האָט אַ לאַנגע ווייסע האַנט פערדעקט די אויגען, אָבער בלויז אויף אַ סעקונדע, ווען זי האָט ווייטער דערצעהלט, איז איהר שטימע געוואָרען פיעל שוואַכער.

— זיינע אָפטע בעזוכען זענען געוואָרען זעלטענער, און איצט ערינער איך מיך ווי געביטען, ווי קעלטער ער איז געוואָרען. אָבער איך האָב דאַן קיין זאַך געזעהען. ווען ער האָט דערצעהלט, אַז זיין מוטער איז קראַנק, האָב איך מעהר קיין פראַגעס געפרעגט. און דאַן איז ער אַ וואָך ניט געקומען. איך האָב טעלעפאָנירט, געשריעבען, געשיקט טעלעגראַמען — קיין ענטפער. איך בין זיכער געוועזען, אַז זיין מוטער איז געשטאָרבען.

— דריי טעג אײדער מיין קינד איז געבוירען געוואָרען, האָב איך אַ בריעף בעקומען. דער פּאָסט־מאַרק איז געוועזען פון אַטלאַנטיק סיטי. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ וואָך צוריק. איצט איז ער אויף זיין האָכצייטס־רייזע. איך האָב עס איבערגעלעבט. איהר זייט מענער... עס איז אייך געוויס שווער צו פערשטעהן... און אויך דאַן האָב איך פאַר איהם געפינען אַן אויסרייד. עס מוז

געווים זיין דער איינפלוס פון זיין מוטער... ער איז א יונגער דענ־טיסט, זי וויל אודאי א געלד־שידוך... ווען מיין קינד איז צוויי מאָ־נאַט געווען, האָב איך זיך דערוואוסט פון זיינעם א פריינד, דאָס ער האָט געהייראָט א בילד־שעהנע מיידעל, מיט וועלכער ער האָט זיך זיבען מאָנאַטען געליעבט.

—אַ שעהנע... געליעבט... איך האָב דאָס קינד לאַנג בעטראַכט. איך ווייס איצט ניט וואָס איך האָב דאן געדענקט... איין זאַך האָט מיר הילכיג געהאַמערט אין קאָפּ. מיט מיינע קושען, מיט מיינע הייסע קושען... צו אן אנדערער אוועק!... איך האָב דאָס קינד צו זיך געדריקט. עס האָט די אויגעלעך געעפענט, עס האָט אויף מיר געקוקט מיט ז י י נ ע אויגען. איך ווייס ניט... ווען איך קוק איצט אויף מיינע הענט גלויב איך ניט, אז איך האָב עס געמהאָן... דאָס קליינע קערפּער'ל איז געוואָרען קאַלט, די אויגעלעך שטאַר, עפּעס ווי מיט פאַרוואורף האָבען זיי אויף מיר געקוקט; פיבעריש האָב איך זיך אנגעטהאָן, לאַנגזאַם זיך ארויסגע'גנב'עט פון צימער...

און וויעדער האָבען די הענד פאַרדעקט די אויגען.

לאַנג האָט איהר לאַיער גערעדט צו דער דזשורי, אָנווייזענדיג איהר וואהנזין אלס א ירושה פון איהר מוטער.

ווען די דזשורי האָט אריינגעבראַכט דעם אורטייל „שולדיג“ האָט זיך אַ טראַציגער אבער צופריעדענער שמייכעל בעוויזען אויף די בלאַסע ליפּען. ווען זיי האָבען מיט זייער אורטייל אויך גע־בראַכט אַ ביטע צום דזשאַדזש ער זאָל די שטראָף מאַכען לייכטער, ווייל זיי גלויבען, דאָס זי האָט דעם פערברעכען בעגאַנגען אין א מאָמענט פון וואַהנזין, וועלכעס טרעפט זיך אָפט ביי געווינעריננען, האָט זיך אַן ענטטוישונג בעוויזען אויף איהר פנים.

און ווען דער ריכטער האָט מיט א קורצער לעקציע זי פער־שיקט אין אן אויסבעסערונגס־אַנשטאַלט, האָט זי גלייכגילטיג אויפגעצויגען מיט די פּלייצעס און האָט מיט מעכאַנישע טריט לאַנגזאַם פערלאָזען דעם קאָורט־רום.

# דער אייביגער חתן.



ער אנגעקלאגטער האט מיר אויסגעזעהן זעהר בעקאנט. „פון וואנען קען איך איהם?“ האט מיר די פראגע געהאמערט אין קאפ די גאנצע צייט, וואס ער איז געשטאנען און געווארט אויף א „נעקסט“.

דער קליינער מענשעלע מיט די רויטע באקען, מיט זיינע קליינע, שטעכיגע אויגעלעך, וואס זיינען טיעף אריינגעזונקען אין זיין גרויסען אונגעלומפערטען קאפ, מיט די שווארצע וואנצעס, וואס ער האלט אין איין קייען, מיט דעם „פאמפאדור“, וועלכער פערדעקט כמעט זיין גאנצען קורצען שטערען האט ער עפעס דערמאנט אן א הארציגען לאך. לאכען פון זיין אויסזעהן? נייז, וואס קען עס פארט זיין?

— איך וועל זיין מיין אייגענער לאיער — האט ער געזאגט מיט א באסאווער שטימע. און באלד האב איך מיך ערמאנערט, ווער ער איז. דאס איז דער מאן, וועלכער ווערט קיינמאל ניט עלטער; וועלכער נארט אפ פיעלע פרויען און איז זיין אייגענער לאיער!

און באלד האב איך געלאכט. מיטגעלאכט מיט אלע אנוועזענדע אין קאורט.

— ווי אלט? — פרעגט דער קלוירק.

— צוויי און דרייסיג — ענטפערט דער חברה־מאן וואס זעהט אויס אריבער פופציג.

די קלעגעריז נעגען איהם איז א פרוי פון א יאהר זעכציג. זי דערצעהלט, דאס מיט עטליכע מאנאטען צוריק האט זי איהם

געגעבען הונדערט און פופציג דאלאר אויף חתונה הוצאות און אויף דאס הייז איינצופיקסען, און עטליכע טעג פאר דער חתונה איז ער פערשוואונדען.

ער נעהמט איהר אויפ'ן קרייז־פערהער, מעשה לאיער. ער ציהט אויס זיינע רונהע פלייצעס, טהוט א גלעט דעם „פאמפא־דור", הוסט זיך אויס און פרעגט שטרענג:

— וואו האט איהר מיך בעגעגענט, אין באסטאן אדער ניו יארק? ענטפערט „יא", אדער „ניין"!

די פרוי בלייבט א דערשראקענע. אין קאורט־רום ווערט א געלעכטער, זאגאר דער דזשאדזש נעהמט הוסטען אין א טאשען־טיכעל אריין.

— ענטפערט! "יא" אדער „ניין" — שרייט ער יעדעס מאל, ווען די ארימע פרוי וויל עפעס ארויסריידען.

— דער חברה־מאן איז זעהר א קלוגער — זאגט דער פרוי'ס לאיער.

— איך פראטעסטיר! — שרייט דער קליינינקער, אויסשטרע־קענדיג א פינגער ווי א לאיער.

ענדליך ווערט ער פארטיג מיט דעם קרייז־פערהער און דער לאיער פון דער קלעגערין נעהמט דערצעהלען די געשיכטע פון דעם אנגעקלאגטען. און די גאנצע צייט, וואס ער רעדט, שטעהט דער קליינינקער א שטאלצער און שווייגט. אבער ווען דער לאיער זאגט: „ווייסט איהר פון וואנען ער האט זיך אויסגעלערענט צו זיין אזא גוטער לאיער?" ער איז שוין עטליכע מאל פערשיקט געווארען פאר אבנארען מיידלעך, און מיט פופצעהן יאהר צוריק פאר „ביגאמי", אט דער יונגער צוויי־און־דרייסיג יעהריגער מאן!

— אה, שאט אפ! — ווערט ער אויפגערעגט, פערגעסענדיג איינגאנצען זיין בכבוד'יגע, לאיער'שע האלטונג.

א מיידעל, וועלכע האט עטליכע יאהר שווער געארבייט אויף דריי הונדערט דאלאר, דערצעהלט מיט א מאנאטאנער שטימע ווי אזוי דער „יונגער מאן" האט זי געלאזט „ווארטען" אויף איהם, און איז ניט געקומען צו דער חתונה, וועלכע האט געזאלט זיין אין

א גרויסען האל, מיט א גרויסארטיגען סאפער פאר פיער הונדערט ליטע. איך הער זי אויס און בעוואונדער, ווי זי קען אזוי קאלט ריידען וועגען דעם האל, דעם סאפער און די געסט, דאס שיינט צו זיין זעהר וויכטיג ביי איהר. און פאר מיר שטעלט זיך פאר דאס בילד: די כלה איז קראנץ און שלייער, אין דעם ווייסען קלייד פון וועלכען יעדעס מיידעל טרוימט, פון דעם אמת'ען אבענד פאר דער חופה, פון דעם געהיימען וואונש פון א אמת'ן לעבענס-בע־גלייטער; איך זעה ווי אנדערע מיידלעך זיינען פערנומען ארום איהר — איינע שטעקט איין א האאר-נאדעל (דאס איז א מצוה), די צווייטע פארקנעפעלט איהר קלייד; עס פאנגען אן צו קומען די געסט. עס קומען פיעלע, פיעלע, פיעלע; דער רעווערענד מיט זיין גרוי־סער ווייסער בארד דרעהט זיך א צופריעדענער ארום אין האל. די מוזיק שפיעלט א פרעהליכס און די יונגע לייט טאנצען. אלץ ארום איז לוסטיג, נור די כלה, איהר הארץ נעהמט שטארק קלאפ־פען. יעדע מינוט צייגען די ווייזערס פון זייגער ווי אומבארמ־הערציג די צייט איז. ווי שנעל זי פליהט...

דער חתן איז ניט געקומען!

די געסט נעהמען זיך צוגעהן און די כלה זיצט נאך אלין אין איהר קראנץ און שלייער.

אלע קוקען אויף איהר מיט רחמנות, יעדען טהוט וועט דאס הארץ פאר איהר, פאר דער פערשעהמטער.

און איהר הארץ?

א פוסטקייט בלייבט אויף איהר ארט.

און איך הויב אן צו פערשטעהן, דאס עס איז אט די ליידיגקייט וואס קאנטראלירט איהר שטימע און מאכט איהרע רייד אזוי קאלט.

דער דזשאדזש דאכט זיך פערשטעהט אויך און שיקט דעם „לאיער“ אויף א צייט זיך „אברוהען“ אין פריזאן.



# זינד.



י האט איהם דער'הרג'עט ווייל זי האט איהם געוואלט רעטען פון „בענעהן א זינד“, אזוי ערקלעהרט זי אויפ'ן וויטנעס סטענד, קוקענדיג גלייך פאר זיך מיט איהרע ווייכע בלויע אויגען, וועלכע זיינען שטארק עהנליך צו דער בלויקייט פון הימעל אין א רוהיגען טאג.

איהרע לאיערס זאגען, דאס זי איז ניט געווען ביים פולען פער־שטאנד ווען זי האט דעם פערברעכען בעגאנגען.

זי לייקענט דאס, איהר בענעהמונג איז קלאהר. זי האלט זיך זעהר רוהיג ביים גאנצען פראצעס. קיין היסטעריקע, קיינע געשרייערייען,געלאסען, ווי מיט געצעהלטע טריט געהט זי יעדען טאג צום טיש וואו איהרע לאיערס זיצען, מיט איין האנד שפארט זי אונטער איהר קאפ, אזוי ווי זי וואלט זיך געוואלט אויסרוהען, און אזוי בלייבט זי דעם גאנצען טאג, זעלטען בייטענדיג אפילו די האנד, וועלכע ווערט געוויס מיעד.

און אין די גאנצע טעג פון דעם פראצעס איז איהר אויסזעהן דאס זעלבע. א חוץ איהרע אויגען, וועלכע ווערען יעדען טאג מיע־דער, און די שווארצע ריננען ארום זיי ווערען יעדען טאג שווא־צער און טיעפער.

שטיל, אזוי ווי זי וואלט מורא געהאט דאס זי וועט איהם אויפ־וועקען פון דעם אייביגען שלאף, דערצעהלט זי וועגען איהם, וועגען זיינע געוועהנהייטען און גוטע בענעהמונג.

לאנג, לאנג האבען זיי זיך געליעבט, ווען זיי זיינען נאר קינ־דער געווען, ווייט איז דער אלטער היים.

צוזאמען זיך ערצויגען, צוזאמען געפלאנט און געהאפט.

באלד נאך זייער חתונה זיינען זיי אהער געקומען, גרייט צו ארבייטען, זיך פלאגען פאר א צוקונפט.

ביידע זיינען אוועק ארבייטען, ער אין א סטאר און זי אין א שאפ, א גאנצען טאג האט זי געהאפט אויף דעם אבענד ווען זי וועט זיך בעגעגענען מיט איהר געליעבטען מאן, זיי האבען גע־וואוינט אין א קליינער רומקע און געווען זעהר גליקליך.

זי האט געארבייט ביז איהר צושטאנד האט איהר מעהר ניט ערלויבט געהן אין שאפ...

די עטליכע מאנאטען וואס זי איז געזעסען אין הויז און גע־ווארט אויף דעם געבורט פון איהר קינד, זיינען ניט געווען זעהר גליקליכע. איהר מאן האט אנגעפאנגען צו ווערען גלייכגילטיג צו איהר.

ער איז געווען אונגעדולדיג מיט איהר און ווען זי האט גערע־טען האט איהם פערדראסען.

אין געלד זיינען זיי ניט געווען זעהר רייך און איהר לאגע האט געפאדערט גוטע פלעגע. און טראץ דעם האט ער זיך אנגע־פאנגען בעסער צו קליידען, איז אויסגעבליבען ביז שפעט ביי־נאכט, און זי פלעגט זיצען און וויינען.

דער קלאפ איז געקומען גראדע איין וואך פאר דעם טאג וואס זיי האבען געזאלט פייערען דאס יאהר פון זייער חתונה.

זי האט שוין לאנג געשפארט איהם צו קויפען א פרעזענט, און ער האט אויך גערעדט וועגען איבעראשען איהר.

איין פריה מארגען האט זי געפונען א ליידים פאקעט־בוך. און דענקענדיג דאס וועט זיין איהר פרעזענט האט זי דאס גענומען בעטראכטען, דערביי איז איהר מאן ארויין אין הויז, ער האט דאס געוואלט פון איהר אוועקנעהמען, דער פאקעט־בוק האט זיך גע־עפענט און עס איז ארויסגעפאלען א צעטעלע אין וועלכען עס איז

געווען אנגעשריבען אין איהר מאַנ'ן האַנדשריפט: „מיט ליעבע צו דזשעני'ן" און איהר נאָמען איז גאר מערי!

— די גאַנצע וועלט האָט גענומען טאַנצען פאר מיינע אויי־גען. דאן האָב איך ערשט פערשטאַנען, וואו זיינען אבענדרען קומען אהין! האָט זי שטיל ווייטער דערצעהלט — ער איז א בייזער ארויס פון הויז, איך בין געבליבען אליין, אליין מיט מיין וועהטאָג — זי האָט פאַרדעקט איהרע אויגען אויף א ווײלע און באַלד ווידער גערעדט — איך האָב געזוכט און געפונען א בריעף, א בריעף פול מיט ליידענשאַפט צו מיין מאַן, צו איהם, וועמען איך האָב גע־גלויבט, צו דעם פאטער פון מיין קינד!

זי פערטראַכט זיך א ווײלע, און זאָגט ווי פאר זיך: מיין טויט קינד איז גליקליך. וואָס האָט עס דען געקענט ערוואַרטען אויף דער וועלט, אהן א פאַטער, די מאמע א מערדערין? זי זיפצט אָב שווער און דערצעהלט ווייטער:

— איך האָב געפונען זיין רעוואָלווער, פריהער האָב איך גע־וואָלט מיין אייגען לעבען אויסלעשען, עס איז מיר געווען מיאוס, זעהר מיאוס, דאן האָב איך גענומען טראַכטען וועגען איהם. איך בין א פרומע. און ס'האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט די שרעקליכקייט פון דער זינד וואָס ער וועט ווייטער בעגעהן, און איך האָב בעשלאָ־סען איהם צו ראַטעווען.

זי שווייגט א ווײלע, קוקט אויף איהרע פינגער און אויף איהר פּנים בעווייזט זיך א ביסעלע פאַרב, אזוי ווי דאָס בלוט וואָלט בלויז פאַרביי געלאָפען.

— ער איז אהיים געקומען און האָט זיך גענומען פערענט־פערען, איך האָב געוואוסט אַז ער זאָגט ליגען און איך האָב איהם געשאָסען!

זי אטהעמט אָב שווער. אויף איהר שעהן פּנים צושפרייט זיך א מין צופריעדענהייט און די גאַנצע צייט וואָס איהר לאָיער רעדט און זאָגאַר ווען דער דיסטריקט אַטוירני איז א שטורמישע רעדע פערלאַנגט פון דער דזשורי זיי זאָלען זי שיקען אויפ'ן עלעקטריק טשער, איז איהר פּנים אויך רוהיג.

שטיל און רוהיג שטעהט זי ווען די דזשורי ערקלעהרט זי ניט שולדיג. אויפ'ן גרונד דאס זי איז ניט געווען ביים קלאהרען פערשטאַנד אין דער מינוט ווען זי האָט איהם געשאסען

און ווען די טהיר צו איהר פרייהייט עפענט זיך פאר איהר איז זי אויך רוהיג און פרעגט מיט א ביטערען שמייכעל:

— וואוהין?



# זיינע ערינערונגען.



עהר אלט און שוואך איז ער געווען — אזוי שוואך אז זיין קערפער האט געציטערט. ווען ער איז פארגעפיהרט געווארען פאר דעם ריכטער.

דער ריכטער איז אויך געווען אלט, נאר דאס איז געווען אן אנדער עלטער: א ווייס פנים, ריין ראזירט, פריש און ריין, מיט אלע סמנים פון אפגעהיטקייט.

ער, דער ריכטער, האט פארזשומערט די אויגען, וועלכע זיינען געווען ארומגערינגעלט מיט א סך קנייטשען, און האט אין א שטרענגען טאן געפרעגט:

— וואס טהוט איהר דא? ! שעהמען מעגט איהר זיך! אזא אלטער מאן!

דער אלטער האט צוערשט ניט געענטפערט. א ביטערער שמייכעל האט געשוועבט ארום זיינע ליפען. דאן האט ער מיט רעספעקט געזאגט:

— איך... איך בין ניט קיין פערברעכער!

דער ריכטער האט איהם לאנג באטראכט ביידע האבען געשוויגען. דאן האט דער אנגעקלאגטער שטיל געזאגט:

— עס גלוסט זיך מיר צו לאכען.

און דער ריכטער האט איבערראשט געפרעגט:

— ווארום?

— ווייל איך האב געדארפט לעבען אזא לאנגע צייט אום אויסצוגעפינען, אז איך בין א נאר.

— טא לאכט! — האט דער ריכטער בייז געזאגט.

שפעט האט איהם געשיינט צו פארדריכען באלד האט ער אין

א פּיעל ווייכערען טאָן געפרעגט:

— וואָס מיינט איהר „אַ נאַר“?

און דער אלטער האָט געענטפערט:

— איך בעטראַכט אייך. דאַכט זיך איהר זייט שוין אויך גוט אַלט. און דאָך ווי שעהן, ווי פיין איהר זעהט־אויס. בין איך ניט געוועזען אַ נאַר?? פאַרוואָס בין איך אויך ניט געוואָרען אַ ריכטער?

איצט האט זיך דער ריכטער צולאַכט און האָט גענומען פון נאָהענט באַטראַכטען דעם אלטען'ס פּנים. אבער אויף דעם צו־קניימשטען פּנים איז ניט געווען קיין סמן פון משוגעת. זעהר קלאָר און ניכטער זיינען געווען די גרויע אויגען.

— איהר לאַכט יוד האנאַר? איהר מעגט לאַכען, ווייל איהר זייט געווען אַ קלוגער, איהר האט זיך אויסגעקליבען אַן אַרבייט וואָס געהט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער מאָדע. ריכטערס וועט מען שטענדיג דאַרפען, און אַ געריכט וועט מען אויך שטענדיג דאַרפען. אבער איך, איך בין אַרויס פון דער מאָדע צוזאַמען מיט די פערד־קאַרס.

— וואָס מיינט איהר? — האָט איצט מיט סימפּאַטיע גע־פרעגט דער ריכטער.

— איך מיין וואָס איך זאָג אייך: איהר זייט געווען אַ קלו־גער!

דער ריכטער האָט ווידער געשמייכעלט און גוטמוטיג געזאָגט:

— אבער צו ווערען אַ ריכטער, מיין פריינד, מוז מען האָבען בילדונג, פאַרשטאַנד און — —

— בילדונג? אפשר זייט איהר גערעכט. אבער פאַרשטאַנד? וואָס מיינט איהר? צו זיין אַ דרייווער פון אַ „האָרס־קאַר“ דאַרף מען ניט האָבען קיין פערשטאַנד?! — האָט דער אלטער אונ־טערבראָכען. — דענקט ניט, אז עס איז אַט אַבי אַן אַרבייט. מען דאַרף אויך דענקען. ווילען די פערד ניט געהן וועט זיי אַ דריי־ווער מיט שכל ניט שלאָגען גלאַט אין דער וועלט אַריין. מען

בראכט זיך אריין אביסעל, מען שטעלט זיך אוועק אויפ'ן פלאץ פון די פערד, אפשר זיינען זיי גערעכט באטש זיי זיינען פערד.

דער ריכטער האט ניט געענטפערט:

— און אין גאס זיינען דאך שטענדיג א סך מענשען, און אז ס'איז א דרייווער אהן שכל פאהרט מען איבער א מענש, א קינד. אבער איך בין געווען א דרייווער מיט שכל. איך האב זיך איינגעטראכט אין מיין ארבייט און איך קען טאקע מיט שטאלץ זאגען, אז אין די איין און פופציג יאהר וואס איך האב געטריבען א פערד־קאר בין איך קיינמאל קיינעם ניט איבערגעפאהרען, אפילו א קינד ניט א קלאפ געטהאן מיט א בייטש!

דער אלטער האט מיט מיה אויסגעצויגען זיינע דארע פליי־צעס, וועלכע האבען זיך ניט געלאזט ציהען, נאר זיך אליין געצויגען אראפ, אראפ צו דער ערד...

— אבער איך בין דאך געווען א נאר, — האט ער פארטגע־זעצט. — פארבראכט א לעבען מיט די פערד. איך האב ניט גע־וואוסט, אז צוזאמען מיט זיי וועל איך ארויס פון דער מאדע. זעהט איהר, א ריכטער איז שוין אן אנדער זאך. דאס געהט קיינ־מאל ניט ארויס פון דער מאדע!

דער ריכטער האט געשוויגען. א ווייל שפעטער האט ער גע־פרעגט:

— ווי אלט זייט איהר?

— דריי און זיבעציג.

— ווארום האט מען אייך ארעסטירט?

— ווייל איך בין געשלאפען אין דער שטאל פון דער קאר־קאמפאניע.

— און ער האט צופיעל געשטערט די ארבייטער וואס קומען אהין אריין, יור האנאר — האט זיך אריינגעמישט א פאליסמאן.

— ווארום האט איהר דאס געטהאן?

— ווייל איך האב ניט קיין אנדער פלאץ וואוהין צו געהן. איך בין אזוי געוואוהנט צו געהן אין שטאל, אזוי פיעל יאהרען אהין געגאנגען! און איצט, אז מען דארף מיך ניט מעהר, האב איך

ניט וואוהין צו געהן. ווען מען ארט עס, אז איך ליעג זיך אין א ווינקעל פון „סטייבעל"? זאגט שוין אליין, מיסטער רזשאדזש, איז דאס א פערברעכען? איך בין ניט קיין טרינקער, געה איך ניט אין סאלון. און די שטאל דערמאנט האך מיר אזוי פיעל זאכען, ווען איך בין נאך געווען יונג און די הענט האבען ניט געציטערט, יא, איך האב אויך אז וואס צו דערמאנען זיך.

— און וואס האט איהר געהאט צו טהאן מיט די ארבייטער?

— געהאט צו טהאן? איך האב ביי זיי אמאל געבעטען אביסעל טאבאק, איז דער פארמאן א נייער, וויל ער עס ניט ליידען.

— פון וואס לעבט איהר?

— איך פלעג שלאפען אין „סטייבעל" און עסען האב איך זיך געקויפט פאר די פאר סענט וואס עטליכע דרייווערס האבען מיר געגעבען יערע „פעידעי". זיי זיינען אינגערע, האבען זיי זיך איינגעלערענט די חכמה; אויסגעלערענט זיך ווי צו טרייבען א קאר אהן פערד.

— איהר האט א פאמיליע?

— ערגעץ האב איך צוויי אייניקלעך. אבער ביידע זיינען מיידלעך, האבען זיי שוין געוויס חתונה געהאט און געביטען זייערע נעמען. ווייס איך ניט וואו זיי צו געפינען. אנדערע זיינען שוין אלע אויסגעשטארבען.

לאנג האט דער ריכטער געטראכט. דאן האט ער געפרעגט:

— וואס זאל איך מיט אייך טהאן?

דער אלטער האט א ציה־געטהאן מיט די אקסלען. איהם האט קענטיג לייד געטהאן וואס ער איז ניט אין דער שטאל וואס איז פול פאר איהם מיט עראינערונגען. און אפשר האט איהם לייד געטהאן וואס ער איז ניט קיין ריכטער?

דער ריכטער האט איהם אוועקגעשיקט אין א היים פאר אלטע ארימעלייט.

# א „מאדאם“.



י קלעגערין, א קליינע ברונעטקע מיט זעהר סימפּאַ־טהישע אויגען און מיט אַ קינדעריש מויל, איז אַ דערשראָקענע געזעסען אויף דעם עדות שטוהל און נערוועז געבראכען איהרע לאַנגע, דארע פינגער.

איהר קאָפּ איז פערשעהמט אראָבגעהאָנגען אויף איהר שמאַלע ברוסט, און דאָס גאַנצע וועזען האָט פאָרגעשטעלט קינדערישע פערשעהמקייט, אונערפאהרענהייט.

— און ווען האָט איהר זיך דערוואוסט אַז ער האָט אייך אָב־גענאַרט? — האָט געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— יענעם טאָג.

— וועלכען טאָג?

— ווען ער האָט מיך צו איהר אַוועקגעפיהרט.

— ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט?

— ווי אזוי? זעהר איינפאַך. — האָט זי שטיל געענטפערט ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם. — האָט דער אַלטער דיסט־ריקט אטוירני צערטליך געבעטען. זיין גאַנצע בענעהמונג צו דער יונגער מיידעל האָט געצייגט גרויס מיטלייד.

אַ ווייַלע האָט דאָס מיידעל געשוויגען, דאַן האָט זי לאַנגזאַם אויפגעהויבען איהר קאָפּ, די גרויסע שוואַרצע אויגען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דער אנגעקלאַגטער, זי האָט אַ שטאַרקען ציטער געטהאָן.

די אַנגעקלאַגטע האָט טראָציג אַוועקגעדרעהט איהר פעטען פּנים.

און אינטערעסאַנט איז געווען צו בעאָבאַכטען איהר פּנים, עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס טיפּישע פּנים פון אַ „מאַדאַם“.

אַ קינסטליך פּרעזערווירטער יונגער פּנים פון אַ מיטעליעהריגער פרוי. אַ פּנים וואָס ווערט אַ סך מאַסירט פון געשיקטע הענט, געשמירט מיט פערשידענע „קאָסמעטיקס„. און אַלס רעזולטאַט זעהען מיר אַ גלאַטיגע, כמעט „אויסגעביגעלטע“ הויט, אָהן איין קנייטשעלע, אָהן איין צייכען פון די שנעל פאַרביילויפענדע יאָהרען. צו רויטע ליפּען, ראָזע באַקען, מיט אַ פּענסעל אויפגעשריבענע, שוואַרצע ברעמען, גלאַנציגע צו גלאַנציגע אויגען. בלויז די וויעס איז די „קינסטלער“ ניט געלונגען אויסצוציהען, די וויעס זיינען געווען קורץ און זעהר שיטער, ארויסווייזענדיג די גאַנצע אונפאַרשעהמטקייט פון די צו גלאַנציגע אויגען.

איהרע קליידער זיינען אויך געווען פון יענעם סאָרט, וואָס קאָסטען אַ סך געלד און ווייזען ווייניג געשמאַק. אויפפאַלענדע, שרייענדע קליידער, העלע געמישטע פאַרבען, וואָס וואַרפען זיך מיט אַן אונפערשעהמטקייט אין די אויגען.

ווי זי וואָלט געפיהלט דעם בליק פון דעם יונג מיידעל אויף זיך, האָט זי צוריק אויסגעדרעהט דעם קאָפּ, פרעך אָפּגעמאָסטען דאָס מיידעל מיט איהרע צוגלאַנציגע אויגען, אויסגעקרימט די ליפּען אין אַ שמייכעל, און געקוקט אויפ׳ן מיידעל.

יענע האָט זיך קליין, ווי אַ מייזעלע צוזאַמענגעצויגען אין דעם גרויסען שטוהל, אַ שרעקליכע מורא איז ערשינען אין איהרע אויגען, און זי האָט אָנגעהויבען לייכט צו ציטערן.

דער דיסטריקט אַטוירני האָט דאָס אַלעס בעמערקט און שטיל, ווי בעטענדיג דאָס מיידעל האָט ער געזאָגט:

— איצט דאַרפט איהר זיך פאַר איהר ניט שרעקען איצט וועט אייך היטען דאָס געזעץ.

— זי, זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט מיך שטענדיג געפינען.

— האָט שטאַמלענדיג אַרויסגעקרעכצט דאָס מיידעל.

— דאָס דאַרף אייך ניט שרעקען. זי וועט אַזוי לאַנג זיצען

צווישען די גרויע ווענט פון געפענגנים, אז זי וועט אפילו אין אייך פערגעסען!

איצט האט די „מאדאם“ א ליכטיגען ציטער געטהאן.

אין דער מיידעל'ס פנים האט זיך א ביסעל פארב געוויזען. ערמוטהיגט פון דעם דיסטריקט־אטוירני'ס ווערטער, האט זי שטיל אנגעהויבען דערצעהלען:

— ס'האט זיך אנגעהויבען מיט זיין אונרוהיגקייט. עס געפעלט איהם ניט מיין מיסעס, האט ער אנגעהויבען צו זאגען, זי רעדט צופיעל, ער וויל מעהר ניט זיצען ביי מיר אין צימער, ס'איז אומעטיג. ער איז געוואוינט, האט ער געזאגט, צו א היים, א ווארימער היים, מיט א הייכיישען סאמאוואר, און ווען איך וואלט מיט איהם געהן צו זיין מאמען, וואלט אונז ביידען פיעל בעסער געווען. מיר האט דאס שטארק געשראקען, איך בין נאך כמעט א גרינע, ערשט דאס פערטע יאהר אין אמעריקא. זיין מאמע, האב איך געוואוסט, איז אן עלעגאנטע דאמע און זי וואוינט אפטאון, און אפ־טאון פאהר איך קיינמאל נישט, א חוץ זומער אין סענטראל פארק. און דאן פערגין איך זיך אפילו ניט צו קוקען אויף די ריינע שעהנע הייזער.

— אבער איהר זייט געגאנגען?

— יע, כ'האב איהם זעהר ליעב געהאט. חתונה האבען מיט איהם האט מיר אויסגעזעהן ווי א חלום. ער איז אזוי הויך, אזוי שעהן און פערדיענט אזוי פיעל געלד. כ'מיין אזוי האט ער געזאגט. — האט זי זיך שנעל א קאפ געטהאן, און איהר פנים איז געווארען פערקרימט פון וועהטאג, ווען זי האט זיך דערמאנט, אז דאס אלעס בעלאנגט צו דער פערגאנגענהייט.

— כ'האב אזוי מורא געהאט, אז זיין מאמע וועט איהם ניט לאזען מיט מיר חתונה האבען — האט זי שטיל פארטגעזעצט — און דעריבער בין איך געווארען זעהר איבערראשט ווען איך האב בעקומען א ווארעמע אויפנאהמע. ס'האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז עס חלומ'ט זיך מיר. די שעהנע מעבעל, די שווארצע דיענסט,

די גוטע עסענס, זיין שעהנע מאַמע, און איהר צערטליכקייט צו מיר, כ'האָב עס אַלעס ניט געקענט בעגרייפען.

— און ווער איז געווען זיין מאמע? — האָט געפרעגט דער ריכטער זיך צובויגענדיג צום מיידעל.

— דאַן האָב איך געגלויבט, אַז זי איז זיין מאַמע, זי דאָרט! — האָט דאָס מיידעל מיט אַ פינגער אַנגעוויזען אויף דער מאַדאַם.

— און וואָס האָט ווייטער פּאַסירט? — האָט געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— דאָס וואָס עס טרעפט זיך מיט אַ סך נארישע מיידלעך, דאָס, וואָס איך פלעג לייענען אין צייטונג און איך פלעג דערביי לאַכען פון די מיידלאַך וואָס האָבען זיך אַזוי געלאָזט אָפּנאַרען. — האָט זי געענטפערט מיט אַ ביטערען זיפץ.

— דערצעהלט.

— עס איז שווער. — האָט זי געענטפערט, רייבענדיג דעם שטערן מיט ביידע הענט. — עס איז געוואָרען שפּעט, זי האָט מיך געבעטען איך זאָל דאָרט שלאָפען, און אַזוי ווי די חתונה וועט סאַי ווי באַלד זיין, דאַרף איך זיך אין גאַנצען ניט צוריקקעהרען צו דער ארבייט און צו מיין צימערל. איך האָב געזאָגט: „ניין", כ'וויל חתונה האָבען פון מיין „לאָדזשי". אָבער ער איז געווען מיער און האָט מיך געבעטען בלייבען בלויז יענע נאַכט. און איך בין גע־בליבען.

— און דאַן?

— דאַן זייַנען זייערע שמייכלען פערשוואונדען. ער האָט מיך געשלאָגען, זי האָט מיך איינגעשפּאַרט, און לאַנגע טעג האָב איך מעהר ניט געזעהן, ווי די ווייסע צייהן פון דער שוואַרצער דיענסט, און פּאַר איהר האָב איך זיך אויף זעהר געשראָקען. מ'האָט מיר בלויז געגעבען ברויט און וואסער, כ'האָב געפיהלט, אַז מיינע כוחות געהען אויס. און דאַן האָבען זיי געזיעגט.

און ווי אָבגעבראָכען איז איהר קאָפּ געהאַנגען אויף איהר שמאָלער ברוסט.

— ווי לאַנג האָבען זיי איך געהאַלטען?

— דאָן האָב איך ניט געוואוסט, ערשט ווען איך בין אַרויס, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איך בין דאָרט געווען מעהר ווי פינף חדשים.

— ווי האָט איהר זיך בעפרייט?

— עס זיינען צוגעקומען נאָך צוויי מיידלעך אין הויז, און דער פערקעהר איז געוואָרען אַ פרייערער. איין אבענד, ווען אַלע זיינען געווען אין פּאַרלאָר, האָב איך זיך אַנגעטהאָן אַ מענערשען הוט און קאָוט און בין שנעל אַרויס. ווען איך האָב דערפיהלט די פרישע לופט, האָב איך אַזוי גענומען לויפען, אַז כ'האָב שיער ניט אומגעוואָרפען אַ מאַן. עס איז געווען שפּעט. דער מאַן צוזאַמען מיט אַ פּאָליסמאַן האָט מיך נאָכגעיאָגט, איך בין געפאַלען, און דעם פּאָליסמאַן אַלעס דערצעהלט.

ביי דער פערטהיידיגונג האָט די „מאַדאַם" זיך בענוצט מיט א כּך חנ'דלעך און מיט אַלע קונצען פון איהר „פּראָפעסיע„, אָבער די דזשוראָרס זיינען געווען האַרטע, ערפאַהרענע מענער, און געקוקט אויף איהר מיט פעראַכטונג.

און אַזוי ווי ע ר, דער הויכער, שעהנער ע ר, איז מיסטעריעז פערשוואונדען, און אַזוי ווי ווייסע שקלאַפען־הענדלער זיינען דאָן געווען אַ זעהר אָפּטע ערשיינונג אין די ניו־יאָרקער קאָורטס, און אַזוי ווי דאָס מיידעל איז געווען זעהר אַ יונגע, און די „מאַדאַם" זעהר אַ פרעכע, האָט דער אַלטער דיסטריקט אַטוירני געבעטען זעהר אַ שווערע שטראָף.

און דער ריכטער האָט זי פערשיקט אויף פופצעהן יאָהר שווערע אַרבייט אין געפענגנים.

און ווען זי האָט דאָס דערהערט האָט זיך איהר טאָן געביטען. פערשוואונדען זיינען די זיסע רייד, זי האָט זיך הויך, מיאוס צולאַכט:

— זי זאָגט ליגען, אָבער איהר גלויבט איהר, ס'לוינט זיך אַזוי בעסער! איהר זיינט דאָך ע ה ר ל י כ ע מענשען! דאָ פערדאַמט איהר מיך און ווען קיינער זעהט ניט קושט איהר מיך!

עמליכע דזשוראָרס האָבען זיך מיט עקעל אבגעקעהרט, זי האָט עס בעמערקט און נאָך העכער געלאַכט:

— דאָ בין איך אין אייער מאַכט און ווען קיינער זעהט ניט זיינט איהר אין מיין מאַכט!

מעהר האָט זי ניט געקענט ריידען ווייל אַ זעהר הויכער קאָורט אָנגעשטעלטער האָט זי מיט געוואַלט אַרויסגעשלעפּט פון געריכטס־זאַל, אַרוים דורך דער הויכער טהיר וואָס פיהרט צום געפענגניש.



# אַ מערדער.



ר איז געווען דער איינציגער אין דעם געפּאַקטען געריכטס־זאַל, וועמען דער אורטייל, האַט זיך געדאַכט, איז ווענינ וואָס אנגעגאַנגען.

דער פאַרמאַן פון דער דזשורי, אַן אַלטער מאַן, מיט אַ געלער איינגעטרוקענטער הויט אויפ'ן פּנים און מיט טיעף־איינגעזונקענע אויגען, האָט מיט אַ וויערער מינע און ציטערענדער שטימע ערקלערט:

— מיר געפינען דעם אַנגעקלאַגטען שולדיג אין מאָרד ערשטען גראַד!"

אין דער וואַרעמער מאַי־לופט. האָט זיך געפיהלט ווי אַ קאַלט ווינטעל וואָלט דורכגעלאָפען אין דעם געריכטס־זאַל. עס איז געווען אוממעגליך צו בעטראַכטען אַלע פּנים'ער אויף אמאָל, אָבער אינסטינקטיוו האָט מען געקענט פיהלען די ענדערונג.

און טראָץ דעם. וואָס די נאָהענטע קרובים פון דעם יונגען אָנ־געקלאָגטען זיינען פריהער פון קאָורט־רום ארויסגעשיקט גע־וואָרען, האָט זיך דאָך צו ביסלאַך ווי געגומען שטייגען אין דער הויך דאָס ביטערע געוויין פון עטליכע מענשען. וואָס זיינען גע־שטאַנען ענג גרופּירט אין דעם לינקען ווינקעל פון גרויסען זאַל.

נעביטען האָבען זיך די פּנים'ער פון מענער, שטרענגע. האַרטע פּנים'ער האָבען געקראָגען אַ מילדען, אַ רחמנות'דיגען אויסדרוק. און די פרויען האָבען פריי און הויך געוויינט.

זעהר יונג איז ער געווען, דער אנגעקלאַגטער. קוים ניינצעהן יאָהר אַלט.

זיין קאפ איז ניט געווען געבויגען און זיין פנים ניט בעטריבט. דער זעלבער קאלטער, „מיך ארט ניט" אויסדרוק איז געווען אויף זיין ניט מיאוס'ען פנים, ווי אין די גאנצע צעהן טעג פון פראצעס. זיינע אויגען זיינען געבליבען טרוקען און זיינע פלייצעס האבען זיך ניט נעטרייסעלט פון געוויין.

מען האט פיעל גערעדט וועגען זיין האלטונג אין דער צייט פון פראצעס.

מיענער, ערפאהרענע אין געריכטס־קרייזען האבען געזאגט, אז ער איז דער אויסגעשפראכענער טיפ פון א קאלט־בלוטיגען מערדער, אז זיין האלטונג צייגט ניט קיין ביסעל חרטה, און, אז ער האט דעם פארברעכען בעגאנגען מיט דער אויסגערעכענטקייט פון אן אלטען מערדער.

פרויען מיט דעם מוטער־אינסטינקט, האבען געזיפצט און ערקלעהרט, אז דער אינגעל בעגרייפט ניט די ערנסטקייט פון דעם פארברעכען און דעריבער, און צוליעב זיין יוגענד, דארף מען מיט איהם האנדלען מיט רחמנות.

פארהאנגען מיט א געדיכטען שווארצען שלייער, איז געזעסען דאס פנים פון זיין מוטער — די הויפט־אורזאך פון דעם שרעקליכען פארברעכען, מיט פארלעגטע הענד און געבויגענע אקסלען. איז זי געזעסען אין א ווייטען ווינקעל פון גרויסען זאל. אין אויב א פרוי האט אמאל געצאהלט פאר זינד, האט זי ביטער געצאהלט, ווען איהר איינציגער קינד איז ארויף אויף דעם עדות־שטוהל, אין כדי ניט צו בעשמוצען איהר נאמען, האט ער זיך אפגעזאגט פון פארטיידיגען זיך. טראצדעם, וואס דער טויט מיט דעם שווערען שאטען פון עלעקטריק טשער, איז געהאנגען איבער איהם.

קאלט איז ער געזעסען אויף אן עק פון דעם גרויסען עדות־שטוהל און מיט פארקלעמטע ליפען געשוויגען אויף אזעלכע און עהנליכע פראגעס פון זיין אדוואקאט:

— איז ניט אמת, אז דער פארשטארבענער האט געוואוינט ביי אייך אין הויז עטליכע יאהר, און, אז אייך איז ניט געפעלען געווען זיין צו אינטימע בענעמונג צו אייער מוטער?

קיין ענטפּער.

— דערצעהלט אונז וועגען יענער צייט, נאכדעם ווי אייער פאטער איז געשטארבען מיט צוויי יאהר צוריק, ווי איהר האט געבעטען אייער מוטער, אז זי זאל דעם בארדער אוועקשיקען און זי האט זיך ענטזאגט — האט ווייטער געזאגט דער לאיער.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם טאג, ווען איהר האט פאר־לאזען אייער מוטער'ס הויז צוליעב דעם.

קיין ענטפער. די דינע ליפּען זיינען נאך מעהר צוזאמענגע־פּרעסט. דער אדוואקאט איז געווארען מעהר אויפגערעגט און אין א היציגען טאן האט ער געפרעגט:

— און אפשר וועט איהר פארשווייגען אויך יענע סצענע מיט אייער מוטער, וואו איהר האט זיך ביי איהר געבעטען, אז צוליעב די קלענערע קינדער, צוליעב אייערע שוועסטערלאך, זאל זי אוועק־שיקען דעם מאן, וועמעס בענעהמונג בעשמוצט אזוי איהר נאמען ? !

א פערצווייפעלטער האט דער אדוואקאט, וועמען דער יונגער־מאן האט קיין סענט ניט געצאהלט, א מאך געטהאן מיט די הענט און מעהר קיין פראגעס ניט געשטעלט.

די גאנצע צייט האט ער געשוויגען און געקוקט פאר זיך. איינ־מאל האט ער א קאלטען בליק געווארפען צו זיין מוטער, דאן האט זי שנעל צוריקגעווארפען איהר שלייער, מיט געבעט אויסגעשטרעקט איהרע הענט און געקוקט א שטומע, אויף איהם, אבער זיין איינ־ציגער ענטפער איז געווען א שטארקער בליק, פול מיט פעראכטונג.

און דער דיסטריקט אטוירני האט מיט א פייער האנט גע־פיהרט די קלאגע געגען איהם. זיינע עדות זיינען געווען גאנץ ווילענדיגע, עס איז איהם ניט שווער געווען צו בעווייזען, אז דער יונגערמאן איז עטליכע טעג פאר דעם מארד צוריקגעקומען אין זיין מוטער'ס הויז, האט זיך בענומען, ווי ער וואלט געווען דער בעס־טער פריינד פון דעם „בארדער" און, אז ביינאכט, ווען אלע האבען

געשלאפען, האט ער איהם מיט א שארפען ברוויט־מעסער ערמאר־
דעט!

אז ער האט דעם מעסער אליין געלאזט שלייפען, און, אז ער
האט דעם מארד געפלאנט.

דער יונגערמאן איז געבליבען קאלט און שטום, און די רזשורי
האט געזאגט: „שולדיג!“



## „פאפא איז אַ באָם“.



כ שטעהען אַ גרופּע אידיישע פרויען און פּריעדען זיך.

פרייד — אין די קרימינעלע קאורטס איז אַ זעלטענע זאַך, איבערהויפּט ביי פרויען. מען זעהט דאָרט פרויען וויינען, מען הערט זיי יאָמערען מיט ווילדע קולות, אָפט פאַלען זיי אַוועק אין חלישות, ווען זייערע ליעבע ווערען פעראורטהיילט. זעלטען אָבער זעהט מען זיי שמייכלען — פרעהען זיך — אין דער געביידע פון זיפּצען און טרעהרען.

— איהר זייט צופריעדען? — פרעג איך זיי וועלענדיג אויס־געפינען וואס עס מאַכט זיי אַזוי גליקליך.

— צופריעדען? געוויס צופריעדען, — ענטפערט מיר אַן עלטערע פרוי.

— וואָ איז, ס'איז איהם אפשר ניט געקומען? — פרעגט אַ מאָגערע אַלטע פרוי, — עהרליך פערדיענט!

— געוויס — גיט צו די ערשטע — אַזאַ באַנדיט! מ'האָט איהם אָבער געכאַפּט.

— ס'איז שוין די העכסטע צייט ער זאָל בעקומען זיינס! — זאָגט ווידער די צווייטע — דריי לאַנגע יאָהר ווי ער האָט איהר פערלאָזען און מ'האָט פון איהם קיין איין וואָרט ניט געהערט. פון געלד איז שוין אָפּגערעדט. איך מיט מיין אַלטעטשקען מוזען זיך אַזוי שטאַרק פּלאָגען אויף אונזערע אַלטע יאָהרען און זיין פרוי און קינד ערנעהרען.

— זי איז דאָך אייער טאָכטער — זאָגט אַ יונגע פרוי.

— נו איז וואס? — פרעגט די אלטע אויפגערעגט, חתונה געהאט, זאל איהר דער מאן סופארטען און אויב ניט, זאל ער געהן אין פריזאן! „ניט אזוי“? פרעגט זי ביי א יונגער צארטער פרוי וועלכע שטעהט אויך צווישען דער גרופע און האלט ביים האנד א מיידעלע פון א יאהר פיער.

— יעס, זאגט די יונגע פרוי פערבייסענדיג די ליפען.

— ביזט טאקע אמת צופריעדען, מערי? — פרעגט אן עלטערע פרוי.

— וואס דען ניט? -- רעדט ווידער איהר מוטער, און מערי שווייגט... וועניג צרות זיך פון איהם אויסגעליטען? איהם אוועקגעגעבען די פאר הונדערט דאלאר, עס האט דאך איהר גענומען עלף יאהר דאס צוזאמען צו סייפען! און ווי לאנג האבען זיי דען געוואוינט צוזאמען? ניט צומאהל א יאהר, איך האב איהם אבער געפיקסט, דאס קינד האט ער געוואלט זעהן, א מכה! איך האב איהר שוין גוט אויסגעלערענט, זאג לילינקע וואס איז דער פאפא?

דאס קליינע מיידעלע הויבט אויף דאס קעפעלע, און קוקענדיג אויף דער באבען ענטפערט זי בייז: — אין פריזאן, פאפא איז א באם!

די פרויען צולאכען זיך. מערי הויבט אויך אן צו לאכען, באלד שפארט זי אבער אן דעם קאפ אין וואנד און ברעכט אויס אין א ביטער געוויין...



# די סטאטוע.



יט אַז אומעטיגען בליק האט זיך דער יונגער אַנגע־קלאַגטער אַרומגעקוקט אין קאורט רום, לאַנגזאַם האַ־בען זיינע אויגען זיך געווענדעט צו דעם הויכען פענסטער, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט אין דעם גע־דיכטען הערבסט־רעגען.

די שטימונג אין געריכטס־זאַל איז היינט געווען אַז אומעטיגע. אפילו די ווייסע בלום אין לאַץ פון'ם אַלטען דיסטריקט אַטוירני, איז היינט געווען אַ פערוועלקטע, און עס איז נאָך געווען גאָר פריה. עפּעס האט דער געלער פּנים פון אנגעקלאַגטען מיט די איינגעפאַ־לענע באַקען און מיט דעם נערוועזען מויל, וועלכער האט זיך יעדע עטליכע סעקונדען שנעל, שנעל בעוועגט, אנגעוואָרפען אַ מרה־שחורה אויף די אנוועזענדע.

בעשולדיגט איז ער געווען אין גנבה, און דער הויפּט בעוויז געגען איהם איז געווען אַ סטאַטועטקע פון ווענוס, די געטין פון שעהנהייט.

אונטער געוועהנליכע אומשטענדען ווען דער גנב איז אַ גע־זונטער, וואָלט מען איז געריכטס־זאַל געהערט פערשיעדענע וויצען איבער איינעם וואס גנב'עט נאָר אַ סטאַטועטקע פון ווענוס, אבער איין בליק אויף דעם נערוועז־צודרעהטען פּנים, און דער שמייכעל בלייבט אַ פערגליווערטער.

די קלאַגע איז געווען קלאָהר. ער איז אַריין אין אַ גרויס גע־שעפט און מיינענדיג אַז קיינער זעהט ניט, האט ער אונטער זיין ראָק בעהאַלטען די ווייסע מאַרמאָרנע געטין פון שעהנהייט. מען

האט אבער יא געזעהן. ער איז ארעסטירט געווארען. עדות נאך עדות האבען דערצעהלט וועגען זיין פערברעכען. ענדליך איז געקומען די צייט ער זאל זיך פערטיידיגען. קיין עדות האט ער ניט געהאט און אליין האט ער געשוויגען, קייןווארט ניט ארויסגערעדט. מיט א טיעפען שטארען בליק האט ער געקוקט אויף די קינסטלערישע ווייסע פארמען.

„ווילט איהר, אז די קלאגע געגען אייך זאל איבערגעגעבען ווערען צו דער דזשורי אהן א פערטיידיגונג?“ האט געפרעגט דער ריכטער.

דער יונגערמאן האט זיך א כאפ געטהאן ווי פון שלאף. מיט א שמערצליכער מינע האבען זיך זיינע אויגען אבגעריסען פון דער ווייסער ווענוס. שנעל, שנעל האט געטאנצט דער נערוועזער מויל, און מיט נאכלעסיגע טריט איז ער ארויף אויף דעם וויטנעס־סטענד.

זיין שטימע איז געווען א קלארע און זיין געלע, כמעט הורבזיכטיגע האנט האט לייכט געציטערט, ווען ער האט אויפגעהויבען די ביבעל און געשווארען צו דערצעהלען דעם אמת.

„דערצעהלט צו וואס איהר האט גענומען די סטאטוע? — האט געזאגט דעם יונגענמאנ׳ס לאיער.

„איך דענק ס׳איז בעסער ניט צו דערצעהלען“, האט ער מיעד געענטפערט.

„דערצעהלט, ס׳וועט אייך העלפען“.

„ס׳ארט מיך ניט“, האט ער ווידער מיעד געענטפערט און שנעל, שנעל האט געטאנצט דאס מויל.

„אבער אייערע לונגען! איהר וואלט דאך געוויס ניט פערשיקט ווערען אין א פריזאן אין אזא צושטאנד, ווי איהר זייט“.

„פארוואס ניט? דארט ווערט זיך ענדיגען דער קאמפף, דארט וועל איך האבען וואס צו עסען“.

פערצווייפעלט האט דער לאיער א מאך געטהאן מיט׳ן האנט און זיך אוועקגעזעצט.

„איהר גיט צו, אז איהר האט גע־גנב׳עט די סטאטוע, טא פאר־

וואָס ערקלעהרט איהר זיך ניט שולדיג? — האָט געפרעגט דער אַלטער דיסטריקט אַטוירני מיט דער פערוויאַנעטער ווייסער בלום.

„ווייל עפּעס פיהל איך זיך ניט שולדיג, איז געקומען די מיעדער ענטפער.

„דערצעהלט אונז יונגערמאַן, פאַר וואס עפּעס האָט איהר גראַדע געגנב'עט די סטאַטוע פון ווענוס?" האָט געפרעגט דער ריכטער.

„ווייל דאָס איז מיר שטאַרק ליעב, ווייל זי וועקט אַ ים פון ערינערונגען אין מיר".

„דערצעהלט אונז וועגען דעם", האָט געזאָגט דער ריכטער מיט אונגעוועהנליכען אינטערעס.

„ס'ווילט זיך ניט אַריינברענגען דאָס טייערסטע, דאָס ליעבסטע אין אַ זאַל פון גערעכטיגקייט, וואו די גערעכטיגקייט אַליין ווערט אַמאָל בלינד... איבריגענס, ס'איז שוין אַלעס טויט„.

„מעגט איהר דאָך געוויס וועגען דעם רעדען און פערגעסט ניט, איהר לעבט דאָך, איהר דאַרפט זיך פערטיידיגען". האָט איהם געבעטען זיין אַדוואָקאַט.

אַ ווײַלע האָט ער אומעטיג געקוקט פאַר זיך, דאַן האָבען די אויגען אַוועקגעוואַנדערט צו דער ווייסער סטאַטועטקע, אַ ווײַלע שטודירט די געטליכע שעהנע גליעדער. דער בליק איז געוואָרען וואַרימער, און ווי פער'חלומ'ט מיעד האָט ער דערצעהלט:

„נאָך אַלס קינד איז אַ מיעדקייט געלעגען אויף מיר, אַ מיעדקייט, וועלכע איך האָב ביז היינט פון זיך ניט געקענט אַראָפּוואַרפען. איך האָב ליעב געהאַט צו חלומ'ען. מיין פאָטער איז געווען אַ דאָקטאָר. ביי אונז אין וואַרט־זאַל איז געווען אַ קליינע סטאַטועטקע פון ווענוס. אַט די סטאַטועטקע איז געווען מיין געליעבטע. אַלע מיינע קינדערשע צרות פלעג איך אויסקלאָגען צו איהרע ווייסע פיס. און מיר האָט זיך דאַן אויסגעוויזען, אַז זי פערשטעהט מיך. אַז איך בין ניט ווילענדיג פערמישט געוואָרען אין אַ געשלעג מיט אינגלאַך, האָב איך זיך נאָר געדאַרפט ערינערן אָן איהר פּנים און איך בין געבליבען שטעהן, זיך ניט געשלאָגען".

דער מויל האט עטליכע מאל א טאנץ געטהאן, ער האט טיעף אבגעזיפצט און שטיל פארטגעזעצט:

„דאס זיינען געווען גליקליכע יאהרען. אבער באלד זיינען זיי פערשוואונדען צוזאמען מיט דער סטאטוע, מיט מיין געליעבטער ווענוס. מיין פאטער איז געשטארבען און זייענדיג א גוט־הארציגער דאקטאר, איז ער געווען און געשטארבען אן ארימאן.

„אויסגעוואקסען בין איך ניט דאס, וואס מיין מוטער האט געהאפט. איך בין געווען עפעס צו מיעד צו ערפילען איהרע האפנונגען. און דאן, דאן איז ז י ערשינען, אויך א ווענוס, אבער דאס מאל א לעבעדיגע. איהרע פיס זיינען אויך געווען ווייס אבער זיי זיינען געווען ווארעם און די הענט זיינען ניט געווען אבגעהאקטע. הייסע, לעבעדיגע הענט זיינען זיי געווען“.

אויף א ווייל האט ער פערמאכט די אויגען און די נעקסטע ווערטער האבען געקלונגען ווי א זיפץ.

„אבער מיין נאטור איז געווען א צו מיעדע. איך האב ניט געקענט שאפען אלעס וואס זי האט פערלאנגט, איז זי אוועק. און דערנאך? דערנאך זיינען געקומען פינסטערע טעג. חלומות, וועלכע איך האב געקויפט אין א דראג סטאר. די חלומות זיינען געווען גוטע ביז איך האב געהאט געלט. דאן האבען זיי מיר גע־טריבען גנב'ענען... איך בין אוועק אין סטאר און האב דער־זעהן די ווענוס, איך האב זיך פערשעהמט פאר איהר... איך האב זי מיט זיך גענומען... איך האב גע'גנב'עט.

לאנג האט זיך די דזשורי בעראטען, ענדליך האבען זיי איהם ערקלעהרט „שולדיג“ בעטענדיג דעם ריכטער ער זאל זיין בארמהערציג צו איהם.

דער ריכטער האט איהם פערשיקט אין א געפענגניש פאר שווינדזיכטיגע.

דאס מויל האט שנעל, שנעל געטאנצט. אבער די אויגען האבען מיט א שמייכעל צוגעשיקט א ווארימען „זיי געזונט“ צו זיין געליעבטער ווענוס.

## שוועסטער געגען שוועסטער.



ס האט זיך געהאנדעלט בלויז אום צוויי און צוואנ־
ציג דאלאר.

די זיבעצעהן־יעהריגע מיידעל איז געשטאנען
פאר דעם ריכטער א פערשעמטע, מיט אן אראב־
געלאזענעם קאפ.

דער ריכטער איז געווען א נייער און א יונגער. ער איז נאך
ניט געווען באקאנט מיט די ביטערע זייטען פון לעבען. ער האט
ווייניג פארשטאנען שלעכטע מענשען. איהם האט זיך געוואלט
אויסבעסערען די גאנצע וועלט...

אויף דעם עדות שטוהל איז געזעסען די קלעגערין — א פרוי
נאהענט צו מיטעליעהריגקייט. איהר פנים איז געווען פול מיט
הארטע, פאר'עקשנ'טע ליניעס. איהרע קליינע, שטעכיגע אויגען
האבען מיט כעס געקוקט אויף דער צעשראקענער מיידעל.

— וואס איז אייער קלאגע? — האט געפרעגט דער ריכטער.

— זי איז א גנב'טע, יור האנאר!

— איהר קענט זיך?

— יא, זי איז מיין שוועסטער, יור האנאר!

— אייער שוועסטער?! — האט איבערראשט געפרעגט דער
ריכטער.

— יא, צום באדויערען!

די פרוי האט נערעדט קאלט און מיט בארדרוס. איהרע ליפען
זיינען געווען פעסט צוזאמענגעפרעסט. און יעדער ווארט איז ארויס־
געקומען ווי א פולווער־שאס.

— און איהר פאַרקלאָגט זי אין גנבה? — האָט דער פאַר־וואונדערטער ריכטער ווייטער געפרעגט.

— זי האָט ביי מיר גע'גנב'עט.

— וואס?

— צוויי און צוואַנציג דאָלאַר, יור האַנאָר!

— און צוליעב אַזאַ סומע מאַכט איהר פון אייער אייגענער שוועסטער אַ גנב'טע?

— איך מאַך פון איהר? זי האָט פון זיך אַליין געמאַכט!

— ווי מיינט איהר?

— אַז מען נעהמט געלד, וואָס בעלאַנגט צו אַ צווייטען, איז מען נים אַ גנב? — האָט זי קאַלט געפרעגט.

— עס ווענדט זיך אַן די אומשטענדען — האָט דער יונגער ריכטער אין אַ סימפּאַטישען טאָן געענטפערט.

— איך וויל זיך ניט רעכענען מיט די אומשטענדען. זי האָט ביי מיר גע'גנב'עט, וויל איך זי זאָל באַשטראָפט ווערען — האָט זי שטרענג געענטפערט.

— און צוליעב צוויי און צוואנציג דאָלאַר? —

— ביי מ י ר איז דאָס אַ גרויסע סומע! — האָט זי מיט ביטערקייט אונטערגעבראָכען דעם ריכטער. — אין אייערע אויגען קאָן צוויי און צוואַנציג דאָלאַר זיין בלויז קליינגעלד; מ י ר האָט עס גענומען באַלד צוויי יאָהר דאָס אָפּצושפּאָרען!

— אָבער וואָרום? — האָט נאַאיוו געפרעגט דער יונגער ריכ־טער.

די פרוי האָט זיך ביטער צולאַכט.

— וואָרום? ווייל איך האָב ניט אויף דעם נויטיגסטען. איך מוז רויבען פון מיינע קינדער, זאָגען ליגען צו מיין מאַן, אום איך זאָל קאָנען אָפּשפּאָרען עטליכע סענט אַ וואָך. וואָרום האָב איך עס געשפּאָרט? מיין מאַן איז ניט זעהר אַ גוטער. ער האָט ליעב צו געניםען אַביסעל פון ביטערען טראָפּען און ער וויל ניט וויסען אַז עס קלעקט ניט. מען קאָן קיינמאָל קיין סענט ניט אַפּרייכען. ער מוז האָבען וואָס עס פאַרווילט זיך איהם, שוין אַ לענגערע צייט

אַז איך פיהל, אַז מיינע צייהן ווערען פאַרדאַרבען. צו איהם קאַן איך אפילו ניט אויסריידען קיין וואָרט וועגען דעם. אין אַנהויב האָב איך אויף דעם געקלאָגט, און שפּעטער האָב איך זיך באַרוּ־ בענט, אַז דאָס וועט מיר ניט העלפען; איך מוז זיין שטאַרק, אוּם אויסצוהאַלטען די צרות. און מיט פאַרדאַרבענע צייהנער קאָן מען דאָך ניט זיין שטאַרק, טאָ האָב איך זיך גענומען שפּאָרען פּעניס.

דער יונגער ריכטער האָט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער. עפּעס האָט די פרוי גערעדט פון אַזעלכע וואָכעדיגע זאַכען: „קאָן ניט אויסקומען“, „דער ביטערער טראָפּען“, „צייהן“ — אין דעם אַלעם פעהלט דאָס דראַמאַטישע... מען קאָן איבער די זאכען ניט האַלטען קיין ריהרענדע רעדע, וואָס די צייטונגס־שרייבער זאָלען באַזינגען.

— און איצט? — האָט ער געפרעגט, באַהאַלטענדיג אַ געגעץ.

אָבער איידער די פרוי האָט געקאָנט ענטפערען, האָט זיך דאָס אנגעקלאָגטע מיידעל הויך און קוויטשיג צעוויינט.

דער ריכטער איז געוואָרען אַביסעל לעבעדיגער. און באַלד האָט ער טאַקע גענומען ריידען זעהר ריהרענד:

— איצט קומט איהר אהער און ווילט, איך זאָל אייער שוועסטער פאַרשיקען אין געפענגניש? ווי קאָן דאָס אייער הארץ פערטראָגען?

— אָבער מיינע צייהן...

— וועמען אַרט אייערע צייהן?! — האָט ער זי שטרענג אונ־ טערבראָכען — צוליעב אייערע צייהן ווילט איהר מאַכען פון דער מיידעל אַן אמת'ע פאַרברעכערין? ווייסט איהר, מיט וועמען זי וועט זיך באַגעגנען אין געפענגניש? ווייסט איהר, ווער עס וועלען זיין איהרע חבר'טעס? ווייסט איהר, וואָס זיי וועלען פון איהר מאַכען?! זי איז דאָך נאָך אַזוי יונג, בלוט און מילך, און — וואָס איז די הויפּט זאַך — זי איז דאָך אייער אייגען בלוט, אייער אייגענע שוועסטער פון איין פאָטער און מוטער, ווי קאָנט איהר עס איך פרעג אייך!

— פאַרוואָס האָט זי ביי מיר גע'גנב'עט?!

דער ריכטער האט בעטראכט דאס מיידעל, און שטיל געפרעגט:

— פארוואס האט איהר ביי איהר גע'גנב'עט?

— ווייל, ווייל, איך האב ניט געארבייט שוין די פערטע וואך, כ'האב איהר געמוזט צאהלען באַרד און כ'האב פאר איהר מורא געהאט — האט דאס מיידעל געכליפעט, באהאלטענדיג דאס פנים איןביידע הענט.

דער ריכטער איז געווארען זעהר אויפגערעגט. טייטלענדיג מיט א פינגער אויף דער פרוי האט ער געשריען:

— שעמען מעגט איהר אייך! דאס ארימע קינד האט בלויז גע־נומען דאס געלד, אום זי זאל אייך קאנען צאהלען באַרד, און איהר קומט אהער און פארקלאגט זי! איהר ווילט זי ווארפען אין גע־פענגניש, מאכען פון איהר אן אייביגע פארברעכערין!

— זי האט מיר מורא געהאט אויסצוזאגען, אז זי האט ניט קיין דזשאב, הא? זאל זי זיך ווייניגער פוידערען און ווייניגער שעהנע בלוזקעס קויפען, וועט זי האבען געלד אויף באַרד! — האט די פרוי אויפגערעגט געשריען.

— איהר זעהט, יור האנאר? אזוי שרייט זי כסדר אויף מיר. עס פארדריסט זי וואס איך בין יונג — האט דאס מיידעל געזאגט, ווערענדיג פרייער.

דער ריכטער האט ווי צומישט געקוקט פון איין שוועסטער צו דער צווייטער. עס איז איהם געווען אומבאקאנט די פסיכאלאגיע פון דער עלטערער פרוי. ער האט ווייניג פארשטאנען איהר ביטער־קייט. ער האט מעהר סימפאטיזירט מיט דער יונגער מיידעל, ער איז אויך געווען יונג...

און דאריבער, געגען די פראטעסטען פון דער עלטערער, האט ער באפרייט דאס מיידעל און זי געשיקט אהיים.



# די פערשטויסענע.



נטשולדיגט — הער איך די הייזעריגע שטימע פון א פרוי, וועלכע איז מיט שטילע, קוים הערבארע טריט צוגעטראטען צו מיין דעסק.

ארויף קוקענדיג פון מיין ארבייט, האב איך דערזעהן פרוי מ. — נומער איינס, וועמעס מאן איז מיט עטליכע טעג צוריק פערשיקט געווארען אין פריזאן, אויף א יאהר, פאר האבען צוויי פרויען.

— איך בין אייך געקומען בעטען א טובה, — זאגט די פרוי רוקענדיג זיך נעהענטער — איהר ווייסט דאך שוין איך בין זעהר א קראנקע פרוי, מיינע צוויי קינדערלעך זיינען אויך ניט געזונד. וואס וועל איך יעצט טהאן? — און טרעהרען נעהמען זיך גיסען אויף איהרע פערלאשענע באקען, אויף די דינע פארבלאזע ליפען, און איהר פנים נעהמט באלד אן אן אויסזעהן פון אן אלטען אויס־געדריקטען שוואם.

— איך האב דאך אייך געזאגט — נעהם איך צו איהר ריידען, אבער זי שלאגט מיר איבער:

— איך ווייס וואס איהר ווילט זאגען, וועגען די טשאריטיעס? עט, לאזט מיר אב, א סך וועלען זיי פאר מיר טהאן, מיט'ן רענט וועל איך שוין גליקליך ווערען? וואס וועלען מיינע קינדער עסען?

— האב איך אייך דאך געבעטען איהר זאלט האבען געדולד, איך וועל טרייען.

— וואס מיר טרייען, — האקט מיר ווידער איבער די פרוי, אן אויפגערעגטע — וועט איהר טרייען? פון געדולד רעדט איהר — מיינע קינדער ווילען עסען און ניט געדולד.

דא ווער איך שוין אויך אביסעל אויפגערעגט, וואס האט זי צו מיר? אבער איך עראינער מיך אן דעם זיסען בלאנדען אינ־געלע וואס זי האט געהאלטען אויף די הענד, און דאס הן'עוודיג מיידעלע וואס האט מיר אזוי שעהן בעדאנקט, ווען איך האב איהרע טרעהרען געווישט (זי האט געהאלפען איהר מוטער וויינען, ווען מען האט איהר פאטער פערשיקט).

— און נאך א זאך — נעהמט זיך די פרוי ווידער צו מיר,— איך בין דאך ביי איהם געווען, ווייסט איהר כאטש וואס מ'האט מיר געזאגט? ער וויל מיך ניט זעהן! יענע, וויל ער, זאל מען צו איהם צולאזען! ווי געפעהלט אייך דאס? אזא אויסוואורף, אזא פערדארבענע פרוי! איהם, זעהט איהר, בעשולדיג איך גאר ניט, דאס האט זי איהם אזוי דעם קאפ פערדרעהט; מאלי, מאלי, זאגט ער, מעג צו איהם קומען! ברעכען זאל זי א פוס איידער זי וועט געהן! איך בעט אייך, איהר קענט עפעס אזוי פיקסען מען זאל זי ניט צולאזען?

— איך וועל זעהן — נעהם איך זי בערוהיגען.

— איך בעט אייך זעהר, ווארום דאס יאהר וועט אוועקפליהען, און ער וועט זיך מיט איהר ווידער פערשלייערען, וואס וועט דאן זיין?

זי טראכט א ווײלע, וואהרשיינליך, נאכדענקענדיג וואס נאך זי זאל מיר בעטען.—איך בעט אייך זעהר, פערגעסט ניט. איך בין אזוי אומגליקליך מיט מיינע צוויי קליינע קינדער, איך בין א קראנקע פרוי — און ווידער נעהמט זי מיר אויסדערצעהלען איהרע צרות, אין א מאנאטאנער שטימע ניט פערפעהלענדיג איין ווארט פון דער טרויערינגער געשיכטע, מיט וועלכער איך בין שוין פון פריהער גוט בעקאנט.

— מיין מאן פלעגט געהן לופט שעפען צום דאק, ער איז א שוואכער. ער פלעגט מיטנעהמען די קינדער, ער האט זיי זעהר ליעב געהאט, ביז זי האט איהם דעם קאפ פערדרעהט, די באַ־מערקע. זי פלעגט קויפען די קינדער פרעצעלס און מילך און איהם פלעגט זי הארעווען מיט גוטע רייד, און מיט הן'דעלעך... ווי אזוי

ער האט מיר איהר חתונה געהאט פערשטעהע איך נאך אלין ניט. סיירען עס איז געווען א טאג וואס ס'איז בעפאלען די שלעכטע קראנקהייט. איהר ווייסט? — צובייגענדיג זיך נעהנטער צו מיר — ער ליידט דאך פון דער פאליגע. ווען דאס קומט אויף איהם אן, ווייסט ער גאר ניט וואס עס טהוט זיך מיט איהם, ער איז ניט שולדיג, איך וויים.

איך הער אויס די פרוי, און בעוואונדער איהר שטארקען גלויבען אין איהר מאן דעם „ביגאמיסט".

זי הויבט זיך שוין אן געזעגענען, אבער פון טהיר קעהרט זי זיך ווידער אום אן אויפגערעגטע.

— כ'האב גאר פערגעסען, איהר האט דאך וועגען דעם גאר ניט געשריעבען אין פייפער? — פארערט זי פון מיר א בייזע.

— איך האב יא געשריבען, נאר עס איז ניט אריין — נעהם איך מיך פערענטפערען.

— וואס הייסט ניט אריין? נעווער מיין, ווען איהר ווילט איז דאס שוין געדרוקט, — זאגט זי מיט פארוואורף.

— איהר דענקט עס איז זעהר שעהן פאר אייך, אדער פאר די קינדער, אז די וועלט זאל וויסען דאס?

— געוויס זאל די וועלט וויסען, — ווערט זי ווידער בייז, — זאל מען וויסען וואס פאר אן אויסגעלאסענע פרוי זי איז, וואס פאר א באמערקע!

און אזוי רופט זי ווידער אויס מיט טויזענדער שימפף ווערטער איהר מאן'ס צווייטע בעשערטע.

— איהר וועט שרייבען? איך בעט אייך שרייבט אלץ.

— שרייבען, שרייבען — פערשפרעך איך איהר, ענדליך פערמאבענדיג די טהיר נאך איהר.



# „מאָשקע טיגער“



לע האָבען איהם געקענט אַלס „מאַשקע טיגער“.

און ווען זיין פּראַצעס האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען, האָט איך מיט אונגעדולד געוואַרט צו זעהן דעם בעוואוסטען פערד־סם'ער, וועלכער האָט געקראָגען זיין צו־נאָמען, ווייל ער איז געווען שרעקליך שטאַרק.

אין געריכט האָבען איהם אַריינגעפיהרט די צוויי גרעסטע און שטאַרקסטע בלאָה־רעקיגע אָנגעשטעלטע, און פון זייער אונאויפהערליכען קוקען אויף איהם, האָט מען געקענט זעהן, אַז קיין גוטס ערוואַרטען זיי ניט פון איהם.

מיט פעסטע טריט איז מאָשקע אַריינגעקומען אין געריכטזאַל. זיינע שטעכיגע אויגען האָבען אָבגעמאָסטען דעם ריכטער, ווי ער וואָלט וועלען אַריינדרינגען אין די געדאַנקען, וואָס זיינען בעהאַלטען אונטער די גראָהע האָאַר.

ווי אַ גוט חדר־אינגעל האָט ער זיך גראָד אויסגעצויגען און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער אָנקלאָגע־באַנק.

און ערשט דאַן, ווען זיינע אויגען האָבען גענומען אַרומוואַנדערען איבער דעם געפּאַקטען געריכטס־זאַל, האָט מען געקענט זעהן ווי מאָדנע שטעכיג זיי זיינען. מאָדנע אויגען האָט ער געהאַט, גרויסע, טיעף־שוואַרצע, דאָס ווייסעל אפילו האָט געוואָרפען מיט בלאָהליכער שוואַרצקייט. שעהנע אויגען וואָלטען זיי געווען, אָבער דער שטעכיגער בליק האָט צושטערט זייער שעהנקייט.

זיין פּנים איז ניט געווען ווי דער פּנים פון אַ טיגער, פערקעהרט, עס איז געווען אַ שעהנער פּנים פון אַ שטאַרקען מאַן.

קלאַגעס זיינען געגען איהם געווען אפּישר צעהן. ער האָט גע'סמ'ט פערד פאַר געלד.

אויב א ביזנעסמאַן האָט געהאַט א קאַנקורענט און איהם גע־וואָלט אבטהאָן א שפּיצעל, איז ער אַוועק צו „מאַשקע מ־גער„ אין אבגעמאַכט א פּרייז .פאַר וועלכען מאַשקע פלעגט איינגעבען ענ־ליכע „פּילעבלאַך" צו די עטליכע פערד, און אויף מאָרגען האָט דער קאַנקורענט געטראָפען זיינע פערד קאַלטע, פערגיפּטעטע.

ווען עס איז געלונגען דעם דיסטריקט אַטוירני צו כאַפּען מאַשקע'ן, איז ער געוואָרען שטאַרק „ביזי", און ער איז געווען זיכער, אז דא ליגט פאַר איהם א גרויסער „דזשאב".

און דורך מאַשקע'ן האָט ער גענומען זוכען יענע, וואָס פּלעגען מאַשקע'ן דינגען. זיי האָט ער זעהר געוואָלט בעשטראָפען. ערשטענס, ווייל דא וועט דאָס געזעץ דערלאַנגען גערעכטע קלעפּ, און צווייטענס, און דאָס איז געווען זעהר וויכטיג — דער דיסטריקט אַטוירני איז געווען יונג, פול מיט אַמביציע, און אויב ער זאָל קענען מאַכען מאַשקע'ן צו ריידען, וואָלט עס איהם, דעם דיסטריקט אַטוירני, אַרויסגעהאָלפען אין זיינע פּאָליטישע האָפנונגען...

און שווער האָט ער געאַרבייט צו מאַכען מאַשקע'ן רעדען: יעדען טאָג האָט מען מאַשקע'ן געשלעפּט פון געפענגניס אין אָפיס פון דיסטריקט אַטוירני, יעדען טאָג האָט ער אָבגעהאַלטען דעם פער'עהער'טען מאַשקע'ן שטונדען לאַנג, איהם געפרעגט אויף פערשיעדענע אופנים, ווער די אַנדערע שולדיגע זיינען, אָבער מאַשקע האָט געשוויגען.

מאַשקע איז געבליבען אַן עקשן.

ווי מיסטעריעז זיינען עס געוויסע מאָראַלע געפיהלען פון געוויסע מענשען. מאַשקע, דער פערד־סמ'ער, מאַשקע, וועלכער איז פאַר א פּאַר שמוציגע דאָלאַר אַוועק אין דער פינסטערער שטיל־קייט פון דער נאַכט, אין א פרעמד הויז, אַנגעכאַפּט די וואַרעמע קערפּערס פון פרעמדע פערד, אויפגעמאַכט מיט גוואַלד זייערע מיילער, און זיי איינגעגעבען גיפט — אָט דערזעלבער מאַשקע האָט פעסט פערמאַכט זיינע פולע, בלוויליכע ליפּען און געשוויגען.

ניט פערראַטען יענע, וועלכע האָבען איהם צוליעב זייער געלד־לוסט געשיקט אויף אַזאַ פערברעכען.

און דערפאַר, איצט, ביי מאַשקע'ס פּראָצעס, האָט זיך דער דיסטריקט אַטוירני נוקם געווען אַן מאַשקע'ן. עדות נאָך עדות האָט ער גערופען, וועלכע האָבען געגעבען שרעקליכע, פערדאַמענדע בעווייזע.

און דער יונגער דיסטריקט אַטוירני האָט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו בענוצען מיט די בעווייזע, ווי אַזוי אַרויסצוברייגען דאָס בעסטע און צו פערשטופען דאָס שלעכטע.

און מאַשקע איז געזעסען אַ גראָדער, אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס און פערפּרעסט די ליפּען. אינטערעסאַנט זיינען געווען זיינע אויגען. ווי גרינליכער שטאָהל האָבען זיי געגלאַנצט און געשטאָכען.

אַ שטילער דועל איז אָנגעגאַנגען צווישען דעם שטאַרקען מאַשקע און דעם געבילדעטען אַדוואָקאַט. אַזוי שטרענג, אַזוי קאַלט האָט מאַשקע געקוקט אַרום זיך. ער האָט ניט אויסגעזעהן ווי אַ געפאַנגענער טיגער, וואָס שטופּט דעם קאָפּ דורך די גראַטעס פון שטייג, ניין, ער האָט אויסגעזעהן פריי און שטאָלץ.

זיין פערטיידיגונג איז געווען שוואַך. ער האָט עס געשייגט צו וויסען, אָבער דער אויסדרוק אויף זיין פּנים איז געבליבען דער־זעלבער.

בלויז איין מאָל האָט זיך דער אויסדרוק געביטען. און דאָס איז געווען, ווען אַ נידריגע העל־בלאָנדע פרוי, מיט זעהר אַ שעהן כמעט קינדעריש געזיכט און מיט צוויי קליינע אינגלאך ביי איהר זייט, איז אַריינגעקומען אין קאָורט־רום. דאַן איז די שטאָלענע קאַלט־קייט פון זיינע אויגען פערשוואונדען, אַ וואַרימע פאַרב איז פערלאָפען זיין אַליוועךברוינע הויט. דער אויסדרוק פון פּנים איז געווען אַ מילדער, כמעט אַ צערטליכער.

די בלאָנדע פרוי האָט געשמייכעלט. געזוכט אַ פּלאַץ, געפונען אין לינקען ווינקעל אויף דער דריטער באַנק. זי האָט זיך ניט אוועקגעזעצט ביז זי איז ניט געווען זיכער, אַז פון דאָרט ועט

זי איהם קענען גוט זעהען. מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל האָט זי אַוועקגעזעצט די צוויי קליינינקע אינגעלאך און דאַן האָט זי גע־קוקט און געקוקט אויף מאַשקע'ן.

מען האָט געהאַלטען רעדעס. דער דיסטריקט אַטוירני האָט מיט שרעקליכע ווערטער געמאַהלען דעם געפעהרליכען פערברע־כען, וואָס מאַשקע האָט בעגאַנגען.

און מאַשקע'ס אַדוואָקאַט האָט געריהמט מאַשקע'ן, איהם גע־הויבען ביז אין הימעל אריין, ווייל ער איז ניט קיין מסור און דערצעהלט ניט וועגען יענע אַנדערע.

און די דזשורי האָט געזאָגט: „שולדיג!"

אַ הויכער, כמעט שטאַלצער איז מאַשקע געשטאַנען פאַר זיין ריכטער. דער אַלטער ריכטער האָט לאַנג געקוקט. ער האָט אָנ־געצייגט דעם „טיגער" ווי לייכט ער וואָלט זיך געקענט ראַטעווען פון אַ לאַנגען טערמין געפענגניס, ווען ער זאָל איבערגעבען זיינע חברים אין די הענד פון געזעץ. מאַשקע האָט געשוויגען.

און דער ריכטער האָט שטרענג געזאָגט: „צעהן יאָהר שווערע אַרבייט אין סינג סינג".

קיין איין מוסקול האָט זיך ניט געריהרט אויף דעם שטאַרקען פנים פון „מאַשקע טיגער", בלויז די אויגען זיינען געוואָרען מעהר שטאַלץ, מעהר שטעכיג.

און ווען ער האָט דערהערט דאָס שטילע וויינען פון דער ניד־ריגער בלאָנדער פרוי איז די שטרענגקייט פון זיין פנים ווי צו־שמאָלצען געוואָרען, דער בליק איז געוואָרען מילד, צערטליך, און די קליינע פרוי האָט אָבגעווישט די טרעהרען מיט אַן אַרבעל און ליעבליך געשמייכעלט צו איהם.



# א מוטער.



ס איז געווען א שטיקענדער יוני נאכמיטאג. עס איז ערשט געווען אנהויב זומער, אבער מען האט שוין געפיהלט די שרעקליכע שטאדטישע היצען, פון וועלכע מיר ליידען אזוי פיעל. מעהר ווי אין גאס האט מען געפיהלט די היץ אין געריכטס־זאאל. די ראלעטען זיינען געווען ארונטערגעצויגען, די עלעקטריישע פענס האבען זיך געדרעהט, מען האט געהערט זייער ברומען, אבער די קינסטליך געמאכטע לופט האט ווייניג געהאלפען, און דעם גע־ביהטען געריכטס־זאאל האט מען כמעט געקאנט אנטאפען די היץ.

אין ניט קוקענדיג אויף דער היץ איז אין געריכט־זאאל דאך געווען געפאקט. פאר די, וואס ארבייטען אין אזא הייסען טאג, דאכט זיך שטענדיג אויס, אז ווען זיי וואלטען נאר געהאט צייט, וואלטען זיי געלאפען זוכען לופט ערגעץ־וואו. איך קאן עס קיינמאל ניט פערשטעהן, ווי מענשען קאנען אזוי נאכגעבען זייער נייגעריגקייט? אפילו אין אזא הייסען טאג שטופען זיי זיך אריין אין א געפאקטען צימער, מיט פערהאנגענע פענסטער, כדי צו הערען וועגען צוויי־טענ'ס צרות.

די עלטערע פרוי, וועלכע איז פראצעסירט געווארען פאר מארד, האט אויסגעזעהן, אז אט־אט פאלט זי צוזאמען. איהר הייכע ברוסט האט זיך שנעל געהויבען. איהרע אייזען־גרויע האר זיינען געווען נאס פון שוויים. דער פנים בלוטלאז, די דינע ליפען האבען געציטערט און די מידע אויגען זיינען געווען מיט בלוט פערלאפען.

זי איז געזעסען פאר אייערע אויגען אן אנגעקלאגטע מערדערין. די בעווייזע זיינען געווען שטארק. זי האט ערמארדעט איהר מאן אוים אייפערזוכט. לויט אלע געזעצען האט מען זי גערארפט פער־דאמען, און דאך האט איהר געקוקט אויף דער פרוי און אייך האט געריסען דאס הארץ. זי האט מיט זיך פערקערפערט אזוי פיעל מענשליכע לײדען, איבערהויפט די לײדען פון פרויען. זי האט אויסגעזעהן אזוי, ווי אלעס אין לעבען ווֹאלט פאר איהר געווען אויסגעלאשען.

דאכט זיך, זי איז פון דעם טיף פרויען, וואס לײדען, וואס שוויי־גען: טא ווי קומט עס וואס זי האט ניט געשוויגען, וואס זי האט געשאסען?

דאס איז געווען איהר צווייטער מאן, זי איז געווען פיעל על־טער פון איהם. אכצעהן יאהר איז זי געווען אן אלמנה, געוויינט אויף איהר שיקזאל, וואס האט ביי איהר צו צוויי־און־צוואנציג יאהר אוועקגערויבט איהר מאן. זי איז געבליבען א מוטער פון צוויי קינדער, און ארום די קינדער האט זיך געצירקעלט איהר גאנץ לעבען. לויט די בעווייזען — אפילו די עדות פון דער אנ־קלאגע האבען געמוזט צוגעבען — איז זי געווען א מוסטער־האפטע מוטער, געלעבט ב ל ו י ז פאר די קינדער און ק י י נ מ א ל ניט געזוכט איהר אייגענעם פערגעניגען.

עס איז ערשט געווען, ווען די קינדער זיינען עלטער געווארען און האבען גענומען זוכען אייגענע אינטערעסען, ווען זי האט זיך א לאנגע צייט געפיהלט אליין און פערלאזען, ערשט דאן האט זי זיך פערליעבט אין איהר צווייטען מאן.

און דאס איז געווען א ליעבע פון א פערציג־יעהריגע פרוי. אלע איהרע דערשטיקטע בעגעהרען, אלע איהרע ניט־דערפילטע וואונשען האבען איצט אין איהר אויפגעפלאקערט. זי האט שרעק־ליך געליטען, זי האט ניט געוואלט הייראטען, טראץ דעם וואס ער האט זי געבעטען, ווייל זי האט געהאט געוויסע פרינציפען פון א מוטער. זי איז געווען זיכער, אז זי דארף איהר ג א נ ץ לעבען אוועקגעבען פאר זיי. ער, דער יונגערמאן פון צוויי און

דרייסיג, האט זי איבערגערעדט און זיי האבען געהייראט.

צוויי יאהר צייט איז זי געווען אזוי גליקליך, אז זי האט גע־פיהלט אז גאט איז א גוטער, ער בעצאהלט איהר פאר אלע איהרע פריהערדיגע ליידען.

דאן האט איהר עלטערער זוהן געהייראט. ער איז געקומען א יונגע שנור אין הויז.

א יונגע, א רייצענד־שעהנע, א קאקעטקע איז די שנור געווען.

און הויפטזעכליך האט זי קאקעטירט מיט איהר שמיף־שווער.

צוערשט האט עס די עלטערע פרוי אנגענומען פאר צערטליכ־קייט, פאר שפאס; אבער שפעטער האט זי גענומען בעמערקען, אז זייערע פערהעלטניסע ווערען ערנסטער, און ווען זי האט פראַ־טעסטירט האט איהר מאן געלאכט פון איהר.

— דאפעלטע אייפערזוכט האט גענומען ברענען אין מיר — האט זי דערצעהלט אויף'ן עדות־שטוהל. — איך האב ניט נאר געזעהן פאלען מיין ניי־געבוירענעם גליק, נאר מיין קינד'ס עהרע איז אויך געווארען פערמישט. איך קאן זיין נאטור זעהר גוט, מיין זוהנ'ס מיין איך, איך האב געוואוסט אז ווען ער וועט זיך דערוויסען וועט געשעהן אן אונגליק. איך האב פרובירט רעדען מיט מיין שנור, אבער זי האט מיר געזאגט, איז איך בין „פעררירקט“.

— עס איז אוועק א שטיק צייט. איך האב צוגעזעהן זייער ליעבעס־פערהעלטנים און עס איז פון מיר געווארען א צושטער־טער מענש, איך בין געווארען ווילד, איך האב פערגעסען אן אלעס וואס איז מיר אמאל געווען טהייער, איך האב בלויז געטראכט פון זייער שרעקליכער טהאט, וואס צושטערט מיך און מיין קינד“.

איהר פנים איז געווען נאך מעהר בלוטלאז. נערוועז האט זי געבראכען איהרע לאנגע, מאגערע פינגער, און מיט א פערשטיקטען קרעכטץ האט זי פארטגעזעצט.

— איך האב זיי געהערט אין צווייטען צימער, איך האב גע־הערט וועגען זייער אבמאך צו אנטלויפען פון אונז, איך האב גע־הערט זייערע לאנגע הייסע קושען, איך האב געוואוסט אז מיין זוהן דארף באלד קומען. איך האב געוואוסט אז ווען ער וועט זיי אזוי

טרעפען, וועט ער זיי דעריטיסען, ער וועט ווערען א מערדער, ער האט דאך נאך אפילו ניט געלעבט. איך — צו וואס טויג מ י ר דאס לעבען, וואס קאן עס מ י ר שוין ברענגען? איך האב געהערט מיין זוהן'ס טריט. אין שופלאד איז געלעגען מאן מאנ'ס רעוואלווער, און א י ך האב איינגעשאסען. איך האב דאך שוין ניט וואס צו פערלירען, ער איז דאך אזוי יונג, מיין זוהן".

עס זיינען נאך געווען פיעלע בעוויזען, אבער אלעס האט אנגעוויזען אויף דער ערנסטקייט פון דער מערדערין.

אין די צוועלף יונגע דזשוראָרס האבען זיך בלויז א האלבע שטונדע בעראטהען און זי ערקלעהרט נ י ט שולדיג!

ווארום? ווער ווייס, אפשר האבען מאנכע פון זיי אויך אזעלכע מוטערס אין דער היים, מוטערס, וועלכע אפפערען אלעס, אלעס פאר זיי.



# צ י י ה ן.



יקט מיך ניט אהיים, איך וויל ניט געהן אהיים, שיקט מיך ניט, שיקט מיך ניט! — האט זיך מיט אויסגעשטרעקטע הענד געבעטען ביים ריכטער דאס שעהנע מיידעל.

און אז זי האט געזעהן, אז דער ריכטער ענט־פערט ניט, נאר ער קוקט אין א דיקען בוך, אזוי ווי זי מיט איהרע שרעקליכע ליידען וואלט גאר ניט עקזיסטירט, האט זי ווידער געזאגט:

— שיקט מיך ניט אהיים! בעשטראפט מיך, איך בין שולדיג, איך בין שולדיג, איך האב גענומען דאס געלד! איך בין שולדיג! בעשטראפט מיך, איך וועל צאהלען פאר מיינע זינד, אבער שיקט מיך ניט אהיים, זאלען זיי ניט וויסען!

דאס האט זי געזאגט שטארק ציטערענדיג, מיט טרעהרען וואס האבען שטהאמענווייז אראבגערונען פון איהר פנים.

א פנים פון א מאדאנע האט זי געהאט, אט די שעהנע גנב'טע. אויגען גרויסע, מיט אזא אונשולדיגען אויסזעהן, א רונדער קין מיט אזוי פיעל חן, א ווייסער, רונדער האלז, וועלכער איז געווען גראציעז אויסגעשטרעקט צום ריכטער. און צוויי ליפען, אינבע־שרייבליכע צוויי ליפען, ליפען צום קושען, ליפען צים ליעבען, ליפען, וועלכע זיינען געשאפען געווארען צו שעפטשען שטילע, מיסטישע תפלות...

און, אז דער ריכטער האט ארויפגעקוקט פון זיין דיקען בוך, און זי בעטראכט, האט זי אראבגעלאזען דעם קאפ און עס האט זיך

אויסגעוויזען. אז באלד פאלט זי אויף די קניה, לעגט צוזאמען די שעהנע הענד, פערגעסט דעם ריכטער, און פערטיעפט זיך אין א נעטליכען געבעט.

— איהר ווילט זיך ערקלעהרען שולדיג? — האט געפרעגט דער ריכטער.

— יא, יא. איך בין שולדיג. איך האב גענומען דאס געלד. זי איז געווען מיין פריינדין. זי האט זיך אויף מיר פערטרויט און איך, איך האב זי שענדליך בעטראגען — האט זי שנעל געענטפערט.

— דענקט איהר ניט, אז איהר דארפט זיך ערשט דורכרעדען מיט אן אדוואקאט, און אפשר געהן צום פראצעס? עס קען זיין — האט דער ריכטער גענומעןריידען מיט סימפאטיע אין זיין שטימע.

— ניין. גענוג איין זינד. ביי א פראצעס דארף מען שווערען, אמאל זאגען ליגען, איך, איך האב קיין פערטהיידיגונג, איך האב גענומען דאס געלד, און איך בין שולדיג!

און, אז זי האט זיך פארמעל ערקלעהרט שולדיג, און דער קלוירק האט דאס פערשריבען און זי איינגעשווארען, איז זי מיט ענטשלאסענהייט אדוויף אויף דעם עדות־שטוהל.

דער ריכטער האט געזאגט:

— און איצט דערצעהלט אונז ווארום האט איהר דאס געטהאן?

און שנעל, ניט בערעכענענדיג זיך, האט דאס מיידעל גענומען רעדען.

— איך קען זיך מיט איהר זעהר גוט. מיר האבען זיך צוזאמען געלערענט אין דער נאכט־שולע. זי איז זעהר א פריינדליכע און זי איז געווען כמעט די איינציגע צווישען אלע אנדערע מיידלעך און יונגע לייט. וואס האבען ניט געלאכט פון מיר.

— געלאכט פון איך? פארוואס? — האט פערוואונדערט געפרעגט דער ריכטער.

— פון מיינע צייהן. עס האבען מיר געפעהלט פיער צייהן פון פארענט. עס איז שוין מעהר ווי צוויי יאהר ווי די צייהן פעהלען

מיר. און גאט מיינער! וויפיעל איך האב מיך צוליעב דעם אנגע־
לימען!

— אבער ווארום? — האט ניט פערשטעהענדיג געפרעגט דער
ריכטער.

— איהר פערשטעהט ניט? אייך האבען קיינמאל ניט גע־
פוהלט קיין צייהן? פארענט מיין איך — האט דאס מיידעל פער־
וואונדערט געפרעגט דעם מיטעל־יעהריגען גוט פרעזערווירטען
ריכטער.

און אז ער האט געשאקעלט מיט זיין קאפ אויף ניין, האט זי
שטיל געזאגט:

— ווי גליקליך איהר זייט. עס איז שרעקליך צו זיין אהן צייהן.
די „אלט־יונגע" האבען מיר אלע גערופען. און עס פלעגט מיר אזוי
פערדריסען. האב איך זיי אמאל געוואלט שארף ענטפערען, איז
מיר געוועזען שווער: דאס רעדען איז ניט זעהר לייכט, ווען ס'פעה־
לען די פאדערשטע צייהן. ערשטענס שפליאוועט מען, און צוויי־
טענס איז ניט זעהר אנגענעהם צו עפענען דאס מויל און צייגען
פאר אלעמען, אז ס'פעהלען אייך די פאדערשטע צייהן. איהר
ווייסט? א סך מאל אין קאר אדער אנדערש־וואו, ווען כ'האב בע־
געגענט א פרעמדען, און יענער פלעגט אויף מיר קוקען מיט אינ־
טערעס, פלעג איך א טראכט טהאן: קוק, קוק ביז איך וועל עפע־
נען מיין מויל, און דאן וועסטו אויך לאכען, ווי די אנדערע.

— אבער וואס איז דא געווען דער געלעכטער? — האט גע־
פרעגט דער ריכטער.

— איך וויים? ! — האט זי ציהענדיג מיט די פלייצעס געזאגט
און שטיל צוגעגעבען: — אפשר האב איך אויסגעזעהן אזוי קאמיש.
דער ריכטער האט געפרעגט:

— און דאס געלד? ווארום האט איהר דאס גענומען?

— צוליעב די צייהן. איך פערשטעה איצט ניט, ווי האב איך
עס געקענט טהאן? זי איז דאך געווען אזוי גוט צו מיר! ס'דאכט
זיך, זי איז די איינציגע פריינדין וואס איך האב, אבער די צייהן!
א סך מאל פלעגט זיך מיר אייסווייזען, אז כדי צו קויפען זיך צייהן,

וואָלט איך געקענט אַ מענשען דער׳הרג׳ענען! אַ שרעקליכער געדאנק, אַ יאַ? כ׳פלעג זיך טאַקע אליין אויך דערשרעקען דערפאר. אָבער דאָס שטענדיגע דענקען פון מיינע צייהן האָט מיך אָפּט אַזוי צומיישט, אַז איך פלעג פערגעסען אָן אלעס. אין שאַפּ איז געווען אַזוי שלעכט! ווען איך בין אָנגעקומען ארבייטען האָב איך נאָך געהאַט אלע מיינע צייהן, און מען פלעגט מיך רופען דאָרט „די שעהנע מאַדאנע". דעם נאָמען האָט מיר געגעבען די פאָרליידי. זי איז געווען זעהר אַ גוטע, אָבער די פארבען האָבען איהר נעבעך אַזוי פערדארבען די אויגען, אַז איצט איז זי אין אַ „האָום" און זי זעהט אַפילו ניט איהרע אייגענע פינגער. זי האָט דאָרט געאַרבייט נייגצעהן יאָהר.

— וואָס פאַר אַ ארבייט? — האָט געפרעגט דער דזשאָדזש.

— בלומען. קינסטליכע בלומען. און אַז זי איז אוועק, איז מיר געוואָרען זעהר שלעכט. עס האָבען מיר שוין דאַן געפעהלט די צייהן און אלע האָבען געלאַכט פון מיר.

— וויפיעל האָט איהר דאָרט פערדיענט?

— די לעצטע צייטען, זיבען אַ יאָהר, אכט דאָלאַר. אנגעהויבען האָב איך מיט פינף. דאָס איז געווען דאָס פינפטע יאָהר צוריק.

— ווי אַלט זייט איהר איצט?

— דאָס נייגצעהנטע יאָהר.

— האָט איהר ניט געקענט אָבשפּאָרען אויף צייהן? — האָט געפרעגט דער ריכטער.

— שפּאָרען?! — האָט דאָס מיידעל אַזוי איבערראַשט געפרעגט, אַזוי ווי דאָס וואָרט וואָלט איהר געווען גאַנץ אומבעקאַנט. און טראַכטענדיג אַ ווייל האָט זי שטיל געזאָגט: — מיר שפּאָרען ניט. מיר קומען קוים אויס פון טאָג אויף טאָג.

— ווער „מיר"?

— די מאַמע און מיר דריי קינדער. פאַר צוויי וואָכען האָט שוין נעמי אָנגעהויבען צו ארבייטען. פיער דאָלאַר אַ וואָך בעקומט זי. זי איז אַ קעש מיידעל אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר. האָרט וואו די מאַמע איז אַ סיילסליידי. אין דעם זעלבען בייסמענט. די

מאַמע פערדיענט ניין דאלאר. און מיט אַ יאָהר צוריק, ווען איך האָב געקראַגען העם רעיז האט שוין די מאַמע געזאָגט, אז איצט וועל איך קענען אנהויבען געהן צו אַ דענטיסט. איך האָב געטאַנצט פאר פרייד. אַבער נאָך יענער וואָך איז עדי קראנק געוואָרען. און זינט דאן זיינען מיר שטענדיג שולדיג געלד דעם דאָקטאָר און אין דהאָג־סטאָר.

— ווי קומט עס, וואָס איהר האָט גענומען דאָס געלד?

— זי האט מיר דערצעהלט, אַז זי האָט אָבגעשפּאָרטע געלד אין צימער. זי האט פערלאָרען דעם שליסעל פון צימער. איך האב איהם אויפגעהויבען. מיינע ציינער האָב איך מיט עטליכע וואָכען צוריק געלאָזט פיקסען. איך האב ג ע מ ו ז ט בעצאהלען דעם דענטיסט. ער האָט מיך געשראָקען, ע ר וועט מיך לאָזען ארעבטירען. ווען איך האב איהר שליסעל אויפגעהויבען איז מיר איינגעפאלען אַט דער שרעקליכער געדאנק. איך האָב ניט גענומען איהר גאַנץ געלד. כ'האב בלויז גענומען צוויי און פערציג דאלאר פאר דעם דענטיסט און פיער דאלאר אויף שיך. אָבער איך בין שולדיג. איך האב עס געטהאָן.

און דער ריכטער האט נערוועז געקלאָפּט מיט די פינגער איבער דעם דיקען בוך, לאנג געטראכט, געהאלטען אַ לאַנגע רעדע וועגען אַ צווייטענס איינענטהום, וועגען דער עהרליכקייט פון אַ מענש און וועגען דער גערעכטיגקייט פון געזעץ. זי געשראָקען איז זיך ווידער לאנג פערטראכט. און ענדליך איהר געהייסען געהן אהיים און זיין גוט.



# ווער איז שולדיג?



ער אנגעקלאגטער איז געווען א הויכער, מיט א ברוטאלען אבער שעהנעם פנים, דער עקעלהאפטער אויסדרוק אויף זיין רויט פנים, האט דערמאנט אן א ווילדער חיה.

זי, די קלעגערין, איז געווען א דעלעקאטע, מיט א בלאס פנים, אויף וועלכען מען האט געקענט בעמערקען געלע פלעקען, א נאטירליכער רעזולטאט פון די פארבען וואס זי האט יאהרען לאנג בענוצט.

איהרע באקען זיינען געווען אביסעל איינגעזונקען, ארום די אויגען עטליכע גאנץ דינע קנייטשלאך, די ליפען בלאסע, מיט א פערדריסליך־ליידענדען אויסדרוק.

אלעס האט דערצעהלט פון שרעקליכע ליידען... נאר די אויגען, די שווארצע פייערדיגע אויגען, זיינען געווען גאנץ יונג, פול מיט לעבען, און זיי האט געפעהלט די שרעקליכע מידקייט, וואס האט ארויסגעאטעמט פון יעדען גליעד... עפעס האט איהר געפיהלט ווי איז א טריעבען, גרויען הערבסט פארנאכט....

ער איז געווען אנגעקלאגט פאר צווינגען איהר צו א לעבען פון שאנדע... אין א שטילער, ציטערענדער שטימע האט זי דערצעהלט וועגען די שרעקליכע יאהרען פון ליידען. ביי יעדע עטליכע ווערטער האט זי זיך אומגעקוקט אויף איהם און אין איהרע אויגען האט זיך בעוויזען א שקלאפישע מורא.

— א לאנגע צייט האב איך ניט געוואלט זיך בעקלאגען, כ'האב פאר איהם שטארק מורא געהאט.

— איך האָב געלעבט אין שרעק, און דעריבער האָב איך גע־מהאָן אַלץ וואָס ער האָט מיר געהייסען. קיין נאָהענטע פריינד האָב איך דאָ ניט, און פאר דער פּאָליציי האָב איך מיך אויך גע־שראָקען“.

נערוועז האָט זי זיך געשפּיעלט מיט איהרע אויסגעדאַרטע הענט און שטיל, ווי אַ געוועהנליכע זאַך, דערצעהלט די טראַגישע קאַפּיטלאַך פון איהר לעבען.

— ווען מיין מאַן האָט מיך פערלאָזען זיינען ביידע קינדער געווען קראַנק. איך בין דאַן ערשט איין און צוואַנציג יאָהר אַלט געווען און דער מאַראַל געפיהל איז נאָך אין מיר דאַן געווען גאַנץ שטאַרק. איך האָב נאָך געגלויבט אין מענשען און געהאָפט.

— מיין אַנבליק אויפ'ן לעבען איז דאַן געווען גאַנץ אַנדערש — אַ טרויעריגער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף איהר בלאַס פּנים. איצט בין איך שוין ערפאהרען, אין אַזאַ לעבען ווי מיר פיהרען לערנט מען זעהר פיעל, מאַנכע ווערען פילאָזאָפען אין אַ גאַנץ קור־צער ציים.

און ווידער האָט זי געשמייכעלט, סאַרקאַסטיש, ביטער.

— איך האָב דאַן אַפּעלירט צו מענשען, אָבער ווי לאַנגזאַם די הילף פון „גוטע מענשען“ קומט. קענען נאָר וויסען די, וואָס האָ־בען געוואַרט דערויף. וואָס זיינען געזעסען נעבען דעם ברענענדי־גען קערפּערל פון אַ קליין בייבעלע. וועלכעס קען ניט דערצעהלען וואָס עס טהוט איהם וועה...

— עס זיינען געקומען פרויען, מ'האָט אונטערזוכט, מיך געפּלאָגט מיט פערשיעדענע פראַגען וועלכע האָבען מיך שטאַרק ערנידריגט. איך האָב געדענקט דאָס אַט, אַט העלפט מען מיר שוין. אָבער ניין, אויף מאָרגען איז ווידער געקומען אַ פרוי, מיט אַ שטרענגען אויס־דרוק אויף איהר פּנים, זי האָט אויך געפרעגט פראַגען... אָה, ווען די פרויען. ווען די וואָס שיקען די פרויען, וואָלטען וועניגער גע־פרעגט, וועניגער געפּלאָגט, וויפיעל טראַגעדיעס וואָלט מען אַזוי אויסגעמיעדען!

מיט ביידע הענט האָט זי פּערדעקט דעם פּנים און אַ ווײַלע געשוויגען.

— איך בין ניט געווען לאַנג אין לאַגד, איך האָב געהאַט אַ גרינגע שרעק פאר שטאדטישע האָספּיטאַלס. מיט גוואלד האָב איך די קינדער ביי זיך געהאַלטען און דער רעזולטאט איז געווען דאָס מיין בינק מאָנאטדיגער אינגעלע איז געשטאָרבען.

— זיין קליין נשמה'לע האָט מיט זיך אין דער ערד אַוועקגעטראגען אַ העלפט פון מיין גלויבען אין מענשען.

און מיט אַ שטאַרען בליק האָט זי געקוקט פאר זיך, פערגעסענדיג אַלע אנוועזענדע.

— אה. — האָט זי זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף — ענטשולדיגט, פון יענע צייטען איז מיר שווער צו ריידען, ווענען די שרעקליכע נשמה־קעמפּפען, וואָס אַן עלענדע פרוי מאַכט מיט אין אַזאַ שטאָדט ווי ניו יארק, ווענען דעם איז שווער צו ריידען, איהר וואָלט דאָס ניט פערשטאַנען, בלויז יענע, וועלכע איהר רופט „שלעכטע“, יענע אונגליקליכע פערשטעהען עס. אָבער זעלטען, זעלטען בעגרייפּט עס זאָגאר איינע...

— ווען איך האָב בעקומען אַ דזשאָב האָב איך מיין דריי יעהריגע מיידעלע געלאָזט ביי דער מיסעס. אויף דערנאכט, ווען איך בין אהיים געקומען פון דעם שרעקליכען געדרויש פון שאָפּ, וואו די מאַשינען האָבען מיך פערריקט געמאַכט, איך בין נאָך צו זיי ניט געוועהנט געוועזען — ווען איך בין געקומען ביינאַכט, האָב איך געדאַרפט היילען די וואונדען וואָס מיין קינד האָט בעקומען אין גאַס — דעם גאַנצען טאָג אין גאַס...

און ווידער האָט זי פערדעקט איהר פּנים מיט ציטערענדע הענט.

— איך האָב פון דאָרט געמופט צו אַ צווייטער מיסיס וואָס האָט מיין קינד פערהונגערט.

— פון דאָרט בין איך אוועק וואוינען צו אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט מיר געזאָגט דאָס זי איז אַ דרעסמייקערין.

און דאָרט בין איך ערשט'ס געוואָרען אמת אונגליקליך.

— אין א קורצע צייט האָט איך אויסגעפונען דאָס דאָרט ווערען ניט קיין קליידער געמאַכט און דאָס די יונגע פרוי מאַכט אַ לעבען פון פרעמדע... פון שאַנדע...

יענעם אבענד האָב איך בעשלאָסען צו געהן זוכען אַן אַנדער רום. איך בין אַוועק אין שאָפּ און נאָך אַ לאַנגען בעטען, האָט מיר די פאָרליידי ערלויבט צו געהן. נוען איך בין אהיים געקומען, האָב איך געטראָפען אַן אמבולאַנס פאַר דער הויז און אַ דאָקטאָר אין ווייסען געקליידעט האָט מיט ביידע הענט געהאַלטען דאָס דאַרע הענטעלע פון מיין קינד, וועלכעס אַ קאָר האָט אָבגעשניטען!

מיט ביידע הענט האָט זי זיך אָנגעהאַלטען ביי די שלייפען און די שעהנע לעבעדיגע אויגען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעה־רען.

דער דזשאַדזש האָט נערוועז געקלאַפּט מיט די פינגער אויפ'ן טיש פאַר זיך. אויף זיין גוטען פּנים איז געוועזען אויסגעגאָסען די טיעפע מיטלייד וואָס ער האָט געפיהלט צו דער יונגער פרוי.

— ווען איך האָב אויפגעמאַכט מיינע אויגען, נאָך אַ שרעקליכער קראַנקהייט. האָב איך געפונען אַ מאַן נעבען מיין בעט, דאָס איז געוועזען ער — אַנווייזענדיג אויף דעם אָנגעקלאָגטען. ער איז מיר געוועזען גוט. ד א ן איז ער נאָך געוועזען אַ ביסעל מענשליך.

— דאן האָב איך אויסגעפונען דאָס מיין קינד ראַנגעלט זיך מיט'ן טויט אין אַ האָספּיטאַל. ווען מיר איז בעסער געוואָרען, האָב איך לייכט געקענט בעמערקען דאָס ער — און ווידער האָט זי מיט פער־אַכטונג אַנגעוויזען אויף איהר פערפיהרער — דאָס ער מאַכט חנ'דעלאַך צו מיר.

— איך האָב פון דאָרט אַרויסגעטופט, אבער ער איז מיר נאָכגע־גאַנגען. ווען ער האָט מיך געוואָלט הייראַטען האָב איך זיך ענט־זאָגט, ער איז אַ קריסט און איך בין נאָך דאַן געווען אַ פרומע.

און אַ סאַרקאַסטישער שמייכעל האָט זיך ווידער בעוויזען אויף איהר פּנים:

— אין אַ מאָמענט פון פערצווייפלונג בין איך געוואָרען זיין געליעבטע, און נאָך לאַנגע וואָכען ליידען פון שרעקליכע שלעק,

בין איך געצוואונגען געווען צו געהן אין גאס און פערדיענען געלט פאר איהם אויף שנאפס.

— יעדעס מאל ווען איך בין אנטלאפען, האט ער מיך געכאפט, מערדערליך געשלאגען. איך האב זיך פאר איהם געשראקען און דעריבער האב איך וועגען דעם ניט געמאלדען דער פאליציי, און צווייטענס האב איך פון דארט ניט פיעל ערווארטעט, ווייל איך האב געוואוסט אז ער איז א „פאני בראט" מיט פיעלע דעטעק־טיווס...

איינמאל בין איך אוועק אין פילאדעלפיא וואו ער האט מיך באלד געפונען. עטליכע טעג שפעטער איז ער ארעסטירט געווא־רען פאר שלעכטע אויפפיהרונג ווען ער איז שכור געווען, און ער איז פעראורטיילט געווארען אויף זעקס מאנאטען.

איך בין צוריק געקומען אין ניו יארק פיהלענדיג פריי. דורך א צופאל האב איך בעגעגענט מיין מאן. מיר זיינען אוועק צוזאמען וואוינען און ווען ער האט מיך צופיעל געפרעגט וועגען מיין לע־בען, האב איך איהם אלץ דערצעהלט, האפענדיג אז ער וועט מיר פערצייהען און מיך ראטעווען פון דער בעסטיע.

פערקלעמענדיג איין האנט אין דער צווייטער האט זי מיט א ביטערען שמייכעל פארטגעזעצט:

— איך האב געדענקט דאס א מאן קען פערשטעהן און פערציי־הען. איך האב ביי איהם ניט געפרעגט וואס ער האט געטהאן אין די פינף יאהר וואס ער האט מיך געלאזען אין עלענד, אבער ער האט ביי מיר אבגענומען חשבון...

— מיר זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען און איך האב פארטגע־זעצט מיין פריהעריגען לעבען.

— וואס דען האב איך געקענט טהאן? צו וואס האב איך זיך געקענט נעהמען?

— איין קינד אין קבר, דאס צווייטע א קריפעל, אהן א האנט און אהן א פוס. איז אז אנשטאלט.

— ווען פיליפס האט זיך צוריקגעקעהרט און האט מיך גענומען

באַדערען, האב איך איהם געלאָזט ארעסטירען, עפעס האָב איך מוטה בעקומען.

ווען די דזשורי האט איהם ערקלעהרט שולדיג, האָט זי מיר געזאָגט דאס טראָץ אלעם האָט זי אויף איהם רחמנות...

— וואו געהט איהר איצט? — האב איך זי געפרעגט, און זי האָט בלויז צונויפגעצויגען איהרע דינע פלייצעס...



# אַ פערלאָבונג.



ייז. ער וועט זיך מיט מיר ניט שפּיעלען, ניין, ניין, ניין!
— האָט זי מיט פערקלעמטע ליפּען פעסט ערקלערט.
— ווי אלט זייט איהר? — האָט דער דיסטריקט אטוירני געלאסען געפרעגט.
— וואָס האָט דאָס צו טהאָן דערמיט?
— עס מוז פערשריבען ווערען.

— אַז ער האָט ביי מיר צוגע'גנב'עט מיין רינג, מוז איך דער־צעהלען ווי אלט איך בין? — האָט זי אויפגערעגט געפרעגט. און איהרע גרויסע שווארצע אויגען האָבען געברענט מיט כעס.

— ווי אלט? — האָט שמייכלענדיג ווידער געפרעגט דער דיסט־ריקט אַטוירני.

— זעקס און צוואנציג — און זי איז זעהר רויט געוואָרען.

— זייט ווען קענט איהר דעם אנגעקלאָגטען?

— אַכט מאנאַטען.

—איהר זייט פערלאָבט?

— געוועזן, געוועזן. איהר דענקט דאָך ניט, אַז איך האַלט זיך אַזוי נידעריג אז איך זאָל איהם נאָך בעטראַכטען אלס מיין חתן?

— ניין, איך דענק דאָס ניט. ווי קומט עס אז אייער פער־לאָבונג איז צונישט געוואָרען?

— פרעגט בעסער, ווי עס קומט, אַז איך בין געוואָרען די כלה פון אַזאַ נידעריגען מענשען! איך שווער אייך, אז ער האָט מיך אָבגענארט. ער איז געוועזן אַזוי הייליג, כ'וואָלט איהם דאָן אלעס געגלויבט.

— און וואָס האָט פּאַסירט?

— ער האט מיר געגעבען א רינג, און מען האט געבראכען טעלער.

— וואס האט מען געטהאן? — האט פערוואונדערט געפרעגט דער קריסטליכער דיסטריקט אטוירני.

— מען האט געבראכען טעלער.

— איהר האט זיך געקריעגט?

— ניין. אזוי פרעהט מען זיך ביי אונז — האט דאס מיידעל ערקלערט שמייכלענדיג. דאס ערשטע מאל. — אז מען ווערט פער־לאבט ברעכט מען טעלער פאר „גוד לאק".

און אין א געריכט־זאל האט מען געלאכט.

— און וואס האט ווייטער פאסירט? —

— א גוטער „פריינד" אונזערער האט איהם עפעס אנדערש צעהלט איבער מיר, און ער איז געווארען אבגעקיהלט. הייסט עס, דאן האב איך נאך דאס ניט געוואוסט און דעריבער האב איך איהם געטרויט דעם רינג.

— וואס מיינט איהר געטרויט?

— ער האט געזאגט, ער וועט דעם דיימענט לאזען איבערזעצען אין א שעהנערען רינג. איך האב זיך דערפרעהט און איהם געגע־בען דעם רינג. און מעהר האב איך איהם ניט געזעהן און דעם רינג ניט געזעהן.

— אבער דעם רינג האט ער אייך אוועקגעגעבען אין דער גע־גענווארט פון עדות?

— געוויס. דאס הויז איז געווען פול מיט געסט, מ'האט געגע־בען און געטרונקען, מ'האט זיך געפרעהט.

דאס אלעס?

— ניין. דאס איז ניט אלעס, — האט דאס מיידעל געזאגט, זיך ווענדענדיג צום ריכטער, — איך וויל אייך דערצעהלען, אז ער האט מיך געמאכט צו שפאט, מיינע בעקאנטע טייטלען אויף מיר מיט די פינגער. און צו דעם אלעם האט ער מיך נאך בע'גנב'עט. ווען איהר זאלט וויסען, ווי שווער דער רינג איז מיר אנגעקומען, וואלט איהר איהם אוועקגעשיקט אויף אייביג אין פריזאן.

איצט האָט זיך דעם אַנגעקלאַגטענס אדוואָקאט אוועקגעשטעלט עטליכע טריט פון עדות־שטוהל און טייטלענדיג מיט אַ פינגער אויף דער מיידעל, האָט ער אין אַ דיקער באַסאָווע שטימע געפרעגט:

— האָט איהר דעם אַנגעקלאַגטען אַמאָל ליעב געהאט?

— געהט אביסעל ווייטער, איהר וועט מיך נאָך אויסוואַרפען מיט אייער פינגער, — האָט דאָס מיידעל געזאָגט.

— דאָס קען ניט אזוי לייכט געשעהן, זייט אזוי גוט און ענט־פערט מיין פראַגע.

— איך בין געוועזן זיין כלה.

— דאָס איז ניט קיין ענטפער!

— טאָ וויל איך אייך ניט ענטפערען. ער האָט מיר געגעבען דעם רינג? דער רינג איז געוועזן מיינער? איך האָב איהם גע־טראָגען עטליכע חדשים אויף מיין פינגער! ער האָט איהם ביי מיר צוגענומען? אוועקגע'גנב'עט? דאָס איז גענוג. דאַ האַנדעלט זיך בלויז וועגען דעם! — האָט זי טראָציג ערקלערט.

— איהר זייט דאָך אַ גאַנצער אדוואָקאט! — האָט מיט אַ שפּיי־כעל ערקלערט דער לאָיער, גלעטענדיג זיינע גראָהע וואָנצעס.

— דאָס איז מיין געשעפט!

— איהר האָט דאָך געוואוסט, אז דער אַנגעקלאַגטער איז אָריבער־דאַכט זיך, אז איהר האָט אויך געוואוסט, אז ער האָט דעם רינג גע־קויפט אויף אויסצוצאָהלען?

— וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט דער געשיכטע?

— עס האָט צו טהאָן מיט דעם, אז איהר האָט איהם צוגעזאָגט זעקס הונדערט דאָלאר נדן, און ער האָט געהאָפט מיט דעם אָב־צוצאָהלען פאַר דעם רינג, און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז איהר האָט קיין געלד ניט, אז איהר מיט אייער מוטער זייט בלויז אויסגעפּוצטע נעבעכ'ן, האָט ער צוגענומען דעם רינג.

— אבער דער רינג איז דאָך מיינער!

— געקראָגען האָט איהר דעם רינג צוליעב די ליגענס, וואָס איהר האָט איהם געזאָגט.

— ליגענס?! — האט איהם דאס מיידעל שיער ניט דערשאסען מיט איהרע פייערדיגע אויגען.

— געווים ליגענס. איהר האט צוגעזאגט געלד און איהר האט ניט געהאט. און נאך א זאך: ווען, בעט איך אייך, האט א הור געזאגט דעם אמת: ווען איהר האט איהם געזאגט, אז איהר זייט נײנצעהן יאהר אלט, אדער דא אויף דעם עדות־שטוהל, אז איהר זייט זעקס־און־צוואנציג יאהר אלט?

איצט האט דאס מיידעל געשוויגען און דער אנגעקלאגטער האט צופריעדען געגלעט זיינע גלאנציגע האר. אין קאורט־רום האבען פיעלע געשמייכעלט. און דער קלוגער אלטער אדוואקאט האט פערשטאנען, אז זיין קלימאַקס איז א גוטער, און מיט א מאך פון דער האנד האט ער ערקלערט:

— דאס וועט זיין גענוג!

— ער איז א גנב, יור האנאר, איהר מוזט איהם בעשטראפען! ער איז א גנב! — האט זי טראציג ערקלערט און האלטענדיג דעם קאפ הויך, איז זי ארונטער פון עדות־שטוהל.

און ער האט געזוכט סימפאטי ביי דער דזשורי מיט זיין בעקלאגען זיך אויף דער מיידעל'ס מוטער, אז זי האט איהם צוגעזאגט נדן און האט געזאגט ליגען.

די דזשורארס זיינען געווען אמעריקאנער, פאר זיי איז דער געדאנק צו היראטען מיט א מיידעל צוליעב געלד, גאנץ פרעמד. און זיי האבען איהם ערקלערט שולדיג.



# תחית המתים.



יז קאראנער'ס קאורט, וואו דער מלאך־המות שפיעלט די הויפט־ראלע, ווערען א סך נעמען פערשריבען טעגליך, און ווערט אַ נאָמען פערשריבען אין דעם דיקען שווארצען בוך, מיינט עס, אז דער בעזיצער פון דעם נאָמען האָט געענדיגט זיין קאריערע אויף דער וועלט, און האָט ניט ווילענדיג אָנגענומען די איינלאדונג פון דעם מלאך המות, איהם נאכצוגעהן אין דער אונבעקאנטער פינסטערניש.

אַ סך, א סך מאָל אַ טאָג מישט דער ערנסטער קלוירק די בלעטער פון דעם בוך און פערשרייבט אַ נייעם נאָמען. אין ערגעץ א היים, מעג עס זיין אַ רייכע, בעקוועמע, אָדער אַ מיזעראבלער צימער, וואו די ווענט זיינען שמוציג, דאָס אייזערנע בעטעל צובראָכען און אויף דעם סקריפּעדיגען טיש פעהלט אפילו ברויט אין זאלץ — ליגט א קאַלטער קערפּער, אַ געענדיגט לעבען. און אַ פּאָר דערשלאָגענע, צובראכענע מענשען וויינען.

אין אַ לאדזשינג הויז אויף דער בויערי, דאָרט וואו א סך אונגליקליכע בעהאלטען זיך מיט זייער שאנד, האָט אַ שיכור'ער מאַן געשפּאלטען די קאָפּ פון זיין חבר.

אין אַ שטאָדטישען האָספּיטאל, אָהן וועמעס עס איז ליעבע אין פריינדשאפט, האָט דער חבר ארויסגעזיפּצט זיין לעצטען אטהעם.

צווישען א לאנגער רייהע טויטע אינ'ם ניו יאָרקער מאָרג, וואו זיין איינזערע נרויסע. אייביג פערנומענע שטאָדט שיקט איהרע אונבעקאנטע טויטע, איז אויך געבראכט געוואָרען דער טויטער חבר.

אַ ווייסער צעטעל מיט אַ נומער איז ארויפגעקלעפּט געוואָרען אויף זיין קאַלטען קערפּער, און אזוי האָט מען געווארט אימיצער זאָל איהם דערקענען.

אין קאַראַנער'ס קאָורט איז געקומען אַ געבויגענע פרוי. איהר פּנים איז געווען יונג און דער קערפּער געבראָכען, אָבגעלעבט.

בליפענדיג ביטער, האָט זי דערצעהלט, אַז זי האָט דערקענט דעם אונבעקאנטען טויטען אלס איהר מאַן, וועלכער האָט זי מיט עטליכע חדשים צוריק פערלאזען. דערקענט האָט זי איהם אַ דאַנק אַ צובראָכענעם פינגער און אַ שניט אויף זיין פּנים. דאָס זיינען געווען איהרע סמנים, ווייל דער טויט האָט דעם פּנים שטאַרק גע־ביטען.

צורעדענדיג זיך, האָט זי דערצעהלט, אַז ער האָט זיך שטאַרק גענומען צום טרינקען זייט די לעצטע צוויי יאָהר. ער האָט פער־לאָרען זייער ביסעל פערמעגען אויף וועלכען זי האָט יאָהרען לאַנג געארבייט איז וואָלל סטריט. ער פלעגט זי שרעקליך שלאָגען, פלעגט אוועק אויף אַ שטיק צייט און זיך שטענדיג צוריקקעהרען, ביי איהר צונעהמען יעדען סענט וואָס זי האָט פערדיענט און פלעגט ווידער פערשוואונדען ווערען. איצט האָט זי איהם ניט געזעהן אַ לענגערע צייט און ביי טאָג און ביי נאכט האָט זי געציטערט פאר זיין אַ היים קומען. ער איז דער פאָטער פון צוויי קינדער, און טראָץ דעם, וואָס זי האָט איהם אַמאָל שטאַרק געליעבט, דענקט זי דאָך, אז דער טויט איז געווען די בעסטע אויסלייזונג פאר זיי אלע.

דורך די טרעהרען האָט אַ בליץ געטהאָן אַ האָפנונגספולער בליק אין איהרע בלוי־גראָהע אויגען, און זי האָט דערצעהלט וועגען איהר פּלאַן צו שטודירען און צו מאַכען ענדליך פון זיך דאָס, וואָס ער האָט איהר קיינמאָל ניט ערלויבט צו ווערען.

ווידער האָט זי אנגעהויבען ביטער צו וויינען און איז אוועק. אין דרויסען איז געווען פריהלינג. זי האָט געוויינט און דאָך האָט דאָס ישעהנע וועטער זעהר, זעהר הארמאנירט מיט איהר שטימונג.

מיט צוויי וואָכען שפּעטער, ווידער אין קאַראַנער'ס קאָורט. קומט ווידער אריין די יונגע פרוי אָבער איצט קומט זי, אָנגע־

שפארט אויף דעם ארעם פון א הויכען מאן, וועלכער האט א טיע־פען שניט אויף זיין מארדע.

איהר פנים שטראהלט פון גליק. שעמעוודיג געהט זי צו צו דעם ערנסטען קלוירק און זאגט שטיל:

— עס איז געווען א טעות. ער איז ניט געשטראבען.

— ווער? — פרעגט דער קלוירק מיט א גלייכגילטיגען טאן, ווייל ער האט שוין אן דער יונגער פרוי לאנג פערגעסען.

— ער, מיין מאן, — ווייזט זי שטאלץ אן אויף דעם מאן נעבען איהר זייט — ער איז היינט פריה צוריקגעקומען.

— דער נאמען? — פרעגט דער קלוירק.

— דזשאהז ר.

— גוט, — ענטפערט דער קלוירק און פערשרייבט אין דיקען בוך.

און די יונגע פרוי מיט די גרויסע פלענער פאר זעלבסטשטענדיגקייט איז א גליקליכע אוועק מיט איהר ניי געפונענעם מאן, וועלכער וועט זי אין קורצען וואהרשיינליך ווידער אנשלאגען און אוועקנעהמען איהרע פערדיענסטען.

א מיטעל־יעהריגע פרוי איז געקומען פערשרייבען דעם אונבעקאנטען טויטען אלס איהר זוהן, וועלכען זי האט ערשט דערקענט אויפ'ן בילד.

איהרע ליפען זיינען געווען טרוקען און איהרע אויגען פיבעריש רויט.

דער זוהן איז געווען איהר איינציגער ערנעהרער, א מוזיקער, א פייגער יונגער מאן, ער האט זיך פערליעבט אין א מיידעל, זי האט איהם אבגענארט. ער האט זיך דאס צום הארצען גענומען און האט גענומען טרינקען.

מיט עטליכע וואכען צוריק איז ער אין גאנצען פערשוואונדען און זי האט פון איהם ניט געהערט. נעכטען האט איהר אימיצער געראטהען זי זאל געהן אין די האספיטעלער, פון דארט האט מען זי געשיקט אין מארג, וואו זי האט דערקענט זיין בילד.

די אַלטע פרוי האָט ניט געוויינט, אָבער איהר צוּבראָכען האַרץ איז געווען קענטיג אויף איהר פנים.

און דער גלייכגילטיגער קלוירק האָט מיט אַן איראָנישען שמייכעל בעמערקט: „אַזוי שפּיעלט זיך מיט אונז דאָס לעבען, בעכעד וואַלט שוין די יונגע פרוי געקענט אויספיהרען איהרע פלייסיגער וועגען זעלבסטשטענדיגקייט".



# אַ „פערברעכער“.



ריכטיגער טיפּ פון דער אלטער־פּריזאָן־סיסטעם, אַן אמת'ער פּראָדוקט פון פערברעכען איז געווען דער געבויגענער אלטער מאַן, וואָס איז יענעם פריה־מאָרגען געזעסען אויף דער אנקלאגע־באַנק.

ווי צוזאַמענגעקלעפּט זיינען זיינע ווייסע האָר אראָבגעהאַנגען אויף זיין הויכען שטערן — אַ שטערן פון אַ דעקער — די אויגען זיינען געווען קורצזיכטיגע, ענטצינדענע, ער האָט שטענדיג געפּינטעלט מיט זיי ווי זיי וואָלטען ניט קענען פערטראָגען דעם טאָג־שיין וואָס האָט אריינגעשטראָמט פון דעם הויכען געריכטס־פענסטער.

זיינע ברייטע פּלייצעס זיינען געווען געבויגען, זיין קאָפּ איז אראָבגעהאַנגען אויף זיין גלאַנציגע, ראָק, וואָס האָט בעקליידט זיין איינגעפאַלענע ברוסט. אויפ'ן פּנים אַן אויסדרוק פון רחמנות צו זיך אליין. אָפּט ווען האַרטע. שווערע ווערטער געגען איהם זיינען אריסגעזאָגט געוואָרען, האָט זיך די מינע געביטען אויף אַ טראַציגער, דעם קאָפּ פלעגט ער דאַן ווי אַ שטאָלץ פערד אויפהויבען. די אויגען זיינען אויף אַ מינוט געוואָרען געפעהרליך שטעכיג אָבער בלויז אויף אַ מינוט. באַלד האָט ער אונטערטעניג אַ קוק געטהאָן אויף דעם ריכטער, זיך פון שרעק אַ טרייסעל געטהאָן און פּינטלענדיג מיט די אויגען ווידער אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

א רעטעקטיוו האָט דערצעהלט, ווי ער האָט איהם ביי דער האַנט געכאַפּט איז א צווייטענס קעשענע.

דער קלעגער האָט דערצעהלט, אז דער מאַן האָט זיך ארום איהם געשטופּט אין סאָבוויי, זיך אַוועקגעריקט און ווידער צוזע־

ריקט און ענדליך ביים ארויסגעהן ארייננעשטופט די האנד אין זיין קעשענע און ארויסגענומען א פאקעט־בוך, אין וועלכען עס זיינען גראד דאן געווען פינף־און־צוואנציג הונדערט דאלאר.

אויף דעם פנים פון אנגעקלאגטען איז א שמייכעל פערבייגעלאפען, ווי ער וואלט געלאכט פון דעם געלט, פון זיך אליין, וואס ער האט אזא סומע ארויסגעלאזען פון זיינע הענט.

ענדליך איז ער אליין ארויף אויפ'ן וויטנעס סטענד. מיט געצעהלטע ווערטער, ווי ער וואלט זיי איינגעשטודירט, האט ער דערצעהלט אז ער איז שוין איבער 60 יאהר אלט, אז זיין לעצטער זוהן איז ערשט געשטארבען. געהאט האט ער פינף. אז זיין פרוי איז קראנק און זי מוז האבען מעדיצין, אז ער האט שוין דריי טעג ניט געהאט געגעסען, ווען ער איז ארעסטירט געווארען און אז ער איז קיינמאל קיין גנב ניט געווען און ער האט גאר אין זינען ניט געהאט צו נעהמען דאס געלט.

דאס אלעס האט ער אבגעזאגט אין עטליכע מינוט, זיין פנים איז געווען רחמנות'דיג. זיינע אויגען נאס פון טרעהרען.

א קרומער שמייכעל האט זיך געלעגט ארום דעם דיסטריקט אטורני'ס ליפען. לאנגזאם האט ער זיך אויפגעהויבען, לאנג געקוקט אויף דעם אלטען און ענדליך געפרעגט:

— אפשר וואלט איהר אונז געזאגט אייער ריכטיגען נאמען?

ווידער איז דער טראציגער אויסדרוק ערשיענען אויף דעם אלטענ'ס פנים. זיינע ליפען האט ער פערפרעסט אין א דינער ליניע און געשוויגען.

— אפשר האט איהר שוין אליין פערגעסען, זאל איך אייך דערמאנען? — האט ווייטער געפרעגט דער פראקוראר.

דער אלטער האט געשוויגען. שנעל האט דער דיסטריקט אטורני גענומען מישען צווישען זיינע פאפיערען. ענדליך האט ער אויסגעקליבען א לאנג, געל צעטעל. עס הויך אויפגעהויבען און מיט א דורכדרינגענדען בליק געקוקט אויף דעם אלטען.

טויט־בלאס איז געווארען דאס צוקנייטשט פנים. די אונטערשטע ליפ האט גענומען ציטערען, מיט די אויגען האט ער שנעל,

נערוועז געפינטעלט. אויף זיין האלז זיינען ארויסגעטראָטען דיקע בלויע אָדערען. עטליכע מאָל האָט ער שווער די לופט געשלונגען. לאנגזאַם איז זיין קאָפּ אראָבגעזונקען, אזוי ווי ער וואָלט אויפגעגעבען דעם קאמפּף.

קוקענדיג אויף דעם געלען צעטעל, האָט דער דיסטריקט אטוירני הויך געצעהלט:

— צוואנציג, דריי, פיער, ניין־און־צוואנציג... זעכציג, פיער, פינף, זיבעציג... יעס, דאָס דאכט זיך איז אייער זיבעציגסטער נאָמען „עליאס“. דער זיבציגסטער פאלישער נאָמען, וואָס איהר האָט אָנגענעבען אין אייער פערברעכערישער קאריערע, בין איך גערעכט? —

און ניט בעקומענדיג קיין ענטפער, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— איהר זייט ניט אזוי אלט ווי איהר זעהט אויס. איהר זייט בלויז איין־און־פופציג יאהר אלט, בין איך גערעכט?

— יעס, — איז שוואך געקומען דער ענטפער.

— און איצטער איז אייער הונדערט און ניין־און־פערציגסטער פערברעכען — האָט דער דיסטריקט אַטוירני לאנגזאם געזאָגט, אויסציהענדיג יעדעס וואָרט.

אויף די פּנים'ער פון דער דזשורי איז געווען דער אויסדרוק פון איבערראשונג, אויף דעם געזיכט פון ריכטער א ברייטער, איראָנישער שמייכעל.

— האָט איהר ווירקליך געדענקט, אז איהר וועט אונז קענען אָבנאַרען? — האָט לאכענדיג געפרעגט דער דיסטריקט אַטוירני.

דער אָנגעקלאָגטער האָט געשוויגען, א ווייַלע האָבען די מוסקולען פון זיין פּנים שווער געארבייט. ענדליך האָט זיין האנד מיט א טיעפען ווייסען צייכען ארויפגעוואָרפען די האָר אויפ'ן שטערען, איבערלאָזענדיג דעם הויכען שטערען וויים און נאַס פון שוויים.

— איך האָב געמיינט, אז איהר האָט מיך שוין לאנג פערגעסען, עס איז שוין מעהר ווי צוועלף יאהר, אז איהר האָט מיך ניט געזעהן. זייט יענעם פּראצעס בין איך שוין געזעסען אין אכט אנדערע פּריזאָנס פון לאַנד — האָט ער שטיל געזאָגט.

— און אלץ געבליבען אן ארימאן? — האט מיט א שמייכעל געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— מיר האבען שוין אזא גליק אין אונזער פאמיליע, מיינע פיער ברידער וואס זיינען גנבים, זיינען אויך שטענדיג אין פריזאן. און יענער, וועלכען מיר האבען גערופען „נאר“, איז ער געבליבען עהרליך. עס איז אמת אז ער זעהט מעהר די ליכטיגע וועלט פאר זיך ווי מיר, אבער וואס פאר א נוצען האט ער פון דער וועלט, אז ער לעבט ווי א הונט? וויל ארבייטען און טראץ דעם, האט ער זעלטען וואס צו עסען. ניט לאנג צוריק האב איך מיין אינגסטען ברודער בעגעגענט אין א געפענגעניש אין פענסילווייניא, האט ער מיר דערצעהלט, אז אויך די מיידלעך האבען וועניג גליק, אנדערע מיידלאך געהען אויף דער גאס. אפט כאפען זיי א ריכטיגען הענבט, וואס האלט זיי אין לוקסוס, אבער ניט אונזערע שוועסטער. אלע דריי זיינען געווען זעהר שעהן, און וואס איז פון זיי געווארען? די צוויי עלטערע, ווי זיי זיינען ארוים אין סטריט, האט מען זיי ארעסטירט. און אזוי פיהרט זיך זיי. אט זאגט א פאליסמאן אויס אויף זיי און אט א גוטע פריינדין. זיי טרינקען, זיי זיינען געווארען מיאוס, האט ער מיר דערצעהלט. און די דריטע, וואס האט התונה געהאט, זי ליגט אויך אין דער ערד. האט יעדער יאהר א קינד און וואס דענקט איהר ווער פון זיי ווערען? וואס פון מיין מאמעס קינדער איז געווארען.

— וועט איהר זיך איצט מודה זיין, אז איהר זייט שולדיג? — האט איהם טרוקען אונטערבראכען דער דיסטריקט אטוירני.

דער אלטער איז פערשעהמט שטיל געבליבען, אונטערגעלאזט זיין קאפ, געטראכט א ווייל"ע און פינטלענדיג מיט די אייגען אונזיכער געזאגט: — איך ווייס ניט, בין איך שולדיג? איך האב געוואלט עסען. איך האב ניט געהאט וואס, האב איך געוואלט נעהמען ביי א צווייטען, איך האב געזעהן ווען דער מאן האט דאס געלט אין קעשענע געלעגט, אין דער באנק, עס איז דאך א רייכטהום! שטעלט איך פאר וויפיעל מאהלצייטען מען וואלט געקענט קויפען פאר דעם? —

— שולדיג, אָדער ניט שולדיג? — האָט קורץ געפרעגט דער דיסטריקט אַטוירני.

— שולדיג. וואָס דען קען איך זאָגען? ווען איך האָב גע־וואָרפען א שטיין אין גראָסערי וואָס האָט ניט געוואָלט באָרגען א ברויט פאַר מיין מאַמע, האָט מען מיר דאַן אויך געהייסען זאָגען שול־דיג. דאַן בין איך בלויז עלף יאָהר אַלט געוועזן. זייט דאַן האָב איך שוין אַ סך מאָל געזאָגט „שולדיג“. אין קאָורט אַז מען מעל־דעט זיך שולדיג, בעקומט מען אַ קורצערען טערמין, טאָ זאָל זיין „שולדיג, שולדיג“, האָט ער אונגעדולדיג געענטפערט.

שנעל האָט ער אָנגעגעבען זיין ריכטיגען נאָמען, איין און פופ־ציג יאָהר אַלט, קיין היים.

— וואָס האָט איהר איצט צו זאָגען, אַז דער אורטייל געגען אייך זאָל ניט אַרויסגעזאָגט ווערען? האָט מיט אַ מאָנאָטאָנער שטימע געפרעגט דער קלוירק.

— זאָגען? זאָגען? אַז פריה — לינג וואָלט איך געוואָלט זיין פריי: ווינטער איז ניט אַזוי שלעכט אין פּריזאָן, מען ליידט כאָטש ניט פון קעלט.

— צוויי יאָהר אין עלף חדשים! — איז געקומען דעם ריכטער׳ס קאַלטע שטימע.

און מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל אויף זיינע ליפּען איז דער „פערברעכער“ אוועק אין פּריזאָן.



# קאָנקורענטען.



ען מען האט זיי אריינגעבראכט אין געריכט האָ־בען ביידע אויסגעזעהען שרעקליך. זייערע האָר זיינען אין ווילדע פאסמעס געהאנגען ארום זייערע צובלוטיגטע, פערוואונדעטע פנים'ער. דערמאָנענ־דיג אַן עפּעס פאנטאסטישע בילדער, וועלכע מיר זעהען אמאל און וואונדערען זיך אויב די געהירען פון דעם מאה־לער וואס האט זיי געמאָהלען, זיינען געווען אין ריכטיגען פלאץ.

צווישען די יאריקלאך בלוט, וואָס זיינען לאנגזאַם אראָפּגערו־נען פון זייערע פנים'ער, האָט מען ניט געקענט באַשטימען, אויב זיי זיינען יונג אָדער אַלט. זייערע קליידער זיינען געווען האַלב־צוריסען און האבען נאכלעסיג, צוטראָגען אראָפּגעהאנגען פון זייערע גוט־פּארמירטע געשטאַלטען.

די העכערע האָט ווילד געשריען ווען דער דיקער קאורט־אָנגע־שטעלטער האט זי מיט געוואלד אריינגעשלעפּט אין זאַל און די נידריגע, די דיקערע האָט משונה'דיג זשעסטיקולירט מיט די הענט.

— איך בין ניט שולדיג, איך בין ניט שולדיג! איך האָב זיך ניט געוואלט שלאָגען, זי האָט דאָך אַזעלכע שארפע נעגעל! — האָט די הויכע געשריען.

— ווארט, איך וועל דיר ערשט פּיקסען! — האָט געענטפערט די קלענערע.

טראָץ דעם וואָס זייערע קליידער זיינען געווען צוריסען פון דער מלחמה, וואָס זיי האָבען ערשט מיטגעמאַכט האָט מען דאָך גע־קענט אַרויסזעהן זייער קאָסטבארקייט, און זייערע אויגען, עפּעס

האבען זיי ניט אויסגעזעהן ווי די אויגען פון „בילינגע“ פרויען, פון געוועהנליכע שלעגערינס. עס איז מערקווירדיג ווי לייכט דאס פרימיטיווע באווייזט זיך אין מענשען, טראָץ זיין אפגעגלאנצטער ציוויליזירטקייט.

— ער איז מיינער! מיר ליעבען זיך שוין מעהר ווי פיער יאהר, וואס פאר א רעכט האט זי צו איהם? איך פרעג וואס'רע רעכט? ! — האט געשריען די קלענערע.

דער קאורט־אנגעשטעלטער האט זיי ביידע אוועקגעשטעלט פאר דעם ריכטער.

א קרומער שמייכעל האט באצויגען די ליפען פון ריכטער און האלב־שפאסיג האט ער געפרעגט:

— וועלל. ליידיעס, ווער האט געוואונען דעם „פאיט“?

עפעס האבען זיי זיך ביידע פערשעהמט פאר אט די ווערטער.

— יור האנאר, איך האב זיך קיינמאל ניט געשלאגען, אט די פערזאן האט זיך גענומען צו מיר — האט גענומען ריידען די העכערע. און מיט איין האנט האט זי געווישט די בלוט פון איהר פנים, אבער די קלענערע האט זי ניט געלאזט ווייטער ריידען.

— פערזאן רופט זי מיר? זי ווייסט אפשר ניט ווער איך בין? זי ווייסט שוין גאר! אויספיינען וויל זי זיך, אז זי האט קיינמאל ניט געשלאגען? זי איז א פיינער מענש, הא? שלאגען זיך איז ניט שעהן, אבער אוועקנארען א צווייטער מיידעל'ס חתן איז יא שעהן? ! שעהמען זאל זי זיך!

— ליידיעס, איהר וועט מוזען רעדען איינציגווייז, איך האב ניט קיין פיער אויערען, — האט לאכענדיג געזאגט דער ריכטער.

די קלענערע איז געווארען שטארק אויפגערעגט.

— עס איז ניט קיין געלעכטער, יור האנאר, עס איז זעהר טרויעריג! איך האב איהם זעהר שטארק ליעב, מיין גאנץ לעבען הענגט אויף דער ליעבע. אזוי פיעל יאהרען שוין ווי איך חלום פון א גליקליך צוזאמענלעבען מיט איהם, און פלוצלונג קומט זי צוגעהן! זי מיט איהרע קאקעטישע חנ'דעלאך, זי וואלט דאך גע־קענט פארדרעהען דעם קאפ פון דעם בעסטען מאן!

די הויכע האָט צופריערען געשמייכעלט. זי האָט פארגעסען איהר צושלאָגענע פנים, פארגעסען די יאריקלאף בלוט, פארגעסען אלעס, עס האט איהר געפעלען דעם קאָמפלימענט פון איהר קאָנ־קורענטין.

— און איצט לאָכט זי, איהר זעהט? ס'גלוסט זיך איהר צו לאָ־כען, זי דענקט אַז זי האָט געזיעגט! און דאָס רופט זיך אַן אנשטענ־דיג מיידעל! ס'איז ניט שעהן זיך צו שלאָגען, זאָגט זי, אָבער באהאלטען ב'גנבה אוועקצונארען אַ צווייטער פרוי'ס געליעבטען, איז יאָ שעהן?

זי איז געווען זעהר אויפגערעגט, די קליינע, אפילו דער ריכטער האָט זי ניט געלאָזט אַ וואָרט אויסריידען, אָבער טראָץ דעם אלעס איז איהר שפראך דאך געווען די שפראך פון אַ געבילדעטער פרוי.

— יור האָנאָר, זי לאָזט מיך ניט ריידען, אָבער איך פארזיכער איך, יור האָנאָר, אַז איך בין ניט געוואוינט צו אַזעלכע בארבאַ־רישע —

און ווידער האָט איהר די קליינע אונטערבראָכען.

— בארבאריש רופט זי עס. שלאָגען זיך איז בארבאריש זאָגט זי! און קומען ווי אַ גנב קומט ביינאַכט, און זיך לאַשטשען צו אַ פרעמדען מאַן, דאָס איז ניט בארבאַריש! ווי אַ קאַץ קריכען —

איצט איז די הויכע געוואָרען אויפגערעגט.

— יור האָנאָר, זי באליידיגט מיך צופיעל! איך —

— ד ו? וואס ווילסטו זאָגען? ! — האָט ווידער געשריען די קליינע, — איך בין די קלוגערין! איך וועל ערשט ריידען! יור האָנאָר, זי האָט אוועקגענאַרט מיין געליעבטען, האָב איך זי דערפאר אויסגעפאטשט!

— און דאך זייט איהר די קלוגערין? — האָט לאַכענדיג גע־פרעגט דער ריכטער.

— יאָ, זי איז די ציוויליזירטע, אָבער שלאָגען קען זי זיך ווי אַ ווילדע. איך האב איהר בלויז געגעבען עטליכע פעטש, אָבער זי, זי האָט מיר צוריסען דאָס פנים, אַזוי ווי אַ קאַץ.

— איך וועל ניט ערלויבען — האט די אנדערע אנגעהויבען צו ריידען, אבער דער ריכטער האט אויפגעהויבען א האנט און האט אין א שטרענגען טאן ערקלערט:

— לאזט מיך אויך ריידען א ווארט.

און ווענדענדיג זיך צו דער קליינער האט ער געפרעגט:

— זי האט אוועקגענומען אייער געליעבטען?

— אוועקגענומען?! ניין, דאס קען זי ניט! ער האט מיך צופיעל ליעב!

— טא ווארום האט איהר זי געשלאגען?

— ווייל זי האט מיט איהם צופיעל קאקעטירט. אמת, ער איז א גוטער מאן, אבער דעם בעסטען מאן קען א שלעכטע פרוי אראפ־פיהרען פון וועג!

— א שלעכטע פרוי וועט זי מיך רופען?! — האט זיך ווילד צושריען די העכערע. — איך וועל איהר —

— גענוג, גענוג, ליידיעס! עס איז ווירקליך ניט שעהן. איהר האט זיך שוין גענוג געשלאגען. דעם מאל וועל איך אייך פארציי־הען און לאזען געהן אהיים, אבער פרובט נאך איין מאל קומען פאר מיר, וועל איך אייך שווער בעשטראפען! איצט געהט אהיים!

די שטימע פון ריכטער איז געוועזן אזוי שטרענג, אז ביידע הא־בען געשוויגען און מיט אראפגעהאנגענע קעפ פארלאזען דאס געריכט.



## די טראַגעדיע פון אַ נאַר.



ו ז אזוי האָט זיך דער טראגישער ראָמאן פון א נאַר, געענדיגט אין געריכט מיט דעם טויט הענגענדיג איבער זיין קאָפּ.

— — — — — — — — — —

— דאָרט אין דעם לאנד פון וואנען איך קום, איז זעהר שווער צו פאַרדיענען אַ סך געלד, אָבער מ'קען שפּאָרען, און איך האָב זיך אויסגעלערענט ווי צו שפּאָרען.

אָט די רייד זיינע וועגען געלד האָבען זעהר ניט געפּאסט צו דער שרעקליך ערנסטער שטונדע פון זיין פּראָצעס.

געזעסען איז ער אויף דעם עדות שטוהל בלויז אויף אַן עק, עפּעס האָט ער אויסגעזעהן, ווי ער גרייט זיך צום אַוועקפליהען. ניט נאָר זיין פּנים, נאָר אויך די אויגען האָבען געהאט דעם אויס־דרוק פון פליהען... פליהען ארויף אין די גרויע וואָלקענס, וואו מען רעדט ניט וועגען גערעכטיגקייט, וואו עס הערט זיך ניט די דו־נערנדע שטימע, מיט דעם בעשולדיגענדען פינגער פון דיסטריקט אטוירני... וואו קיינער שרייט ניט „מערדער, מערדער, מערדער!“, וואו עס זיצט א בלוי־ראקיגער וועכטער ביים עלענבויגען!... און וואו עס רוקען זיך ניט אזוי שנעל די אונבאַרעמהארציגע ווייזערס פון זייגער נעהענטער, נעהענטער צו דער שעה פון משפּט...

אזוי וואַכעדיג איז געוועזען זיין שטימע, נאָר ניט אין איינקלאנג מיט דעם אויסדרוק פון זיין פּנים.

— און אז כ'האָב זיך אויסגעלערנט ווי צו שפּאָרען, איז שוין געוועזען ליכט. — האָט ער פאָרטגעזעצט — כ'האָב זיך אימער גע־

זארגט באר דער צוקונפט פון מיין פרוי און קינד, איך פלעג זיך שרעקען אז עפעס וועט מיט מיר געשעהן און דאן וועלען זיי בלייבען עלענד. און איצט, איצט בעגרייף איך עב גאר ניט אז איך האב אמאל אזוי געטראכט! — א זעהר ביטערער שמייכעל האט זיך בעוויזען ארום זיינע בלויע ליפען, און פון הויכען שטערען האבען טראפען שווייס אראפגערונען.

— אפגעשפארט האב איך צוועלף טויזענד פראנק, און דאן האב איך זיך שוין אביסעל ערלויבט צו לעבען. איין אבענד בין איך אוועק מיט מיין פרוי און קינד אין טהעאטער. עס איז געוועזען דער לעצטער גליקליכער אבענד פאר אונז אלעמען, — דא זיינען זיינע אויגען אנגעפילט געווארען מיט בענקעניש, — דעם צווייטען טאג האב איך זיך בעקענט מיט אידיטה'ן. זי איז מיר זעהר געפעלען. זי קען מיך שוין פון לאנג, האט זי געזאגט. זי האט מיך געזעהן אין טהעאטער יענעם אבענד. און זי האט געפרעגט אויב איך וועל זי ניט נעהמען אמאל אין טהעאטער, עס וואלט זי געמאכט זעהר גליקליך. אך, ווי זי האט אויף מיר דאן געקוקט מיט איהרע ליעבע גרויסע אויגען! באלד דאן בין איך געווארען איהר נאר! — און ארום זיין שוואך מויל איז ערשיענען דער אויסדרוק, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש צו דעם סארט „נאר“...

— און פון יענעם טאג איז מיין פארהארעוועט לעבען פארוואנדעלט געווארען אין א שטורמיש, ווילד גליק. א גליק, וואס האט ניט געפרעגט קיין פראגעס, זיך ניט גערעכענט מיט דער וועלט, מיט גערעכטיגקייט, א גליק וואס האט דערשטיקט געוויסען, פארמאכט די אויגען צו דאס אונאנגענעהמע. א גליק מיט אן אומגעזעטיגטען דורשט צו דאס פארבאטענע. אידיטה האט געוואוסט ווי צו פארדרעהען מיין קאפ. איהר יעדער בליק איז געוועזען פול מיט פארשפרעכונגען, אבער ניט מעהר... און האב איך געוואלט אין גאנצען גליקליך זיין, האט זי געשטעלט אלס פרייז — אמעריקא! פארגעסען האב איך אן מיין פרוי, פארגעסען אן דעם קינד, וועמעס קלענסטער וואונש איז פריהער געוועזן געזעין ביי מיר; פארגעסען אן אלעס, וואס האט ניט בעריהרט אידיט'ן.

ער האט אנגעשפארט א האנט אויף א קניע און דעם קאפ אויף דער האנט און מיט א טיעפען זיפין פארטגעזעצט:

— און איך האב געטהאן וואס אידיט האט געוואלט. געקומען מיט איהר אין אמעריקא. מיטגענומען מיין געלד, וואס האט מיך געקומען יאהרען לאנג אפצושפארען, געלאזען פאר מיין פרוי און קינד א נאריש בריוועלע מיט עטליכע הונדערט פראנק און געקור־מיען, געקומען אהער! איך וויל איהר זאלט מיך פארשטעהן. איך וויל דא ניט פארדאמען אידיט'ן, זי האט זיך ניט געקענט העלפען. איצט איז זי טויט און איך וויל זי ניט פערלוימדען. זי איז נאר געוועזן אזוי ווי גאט האט זי בעשאפען. נאט האט איהר געגעבען א פאר ליעבע אויגען, וועלכע האבען נאר געקענט שמייכלען אין דייצען — און אט אזוי וויל איך זי געדענקען.

זיינע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען און די ליפען צודרעהט פון וועהטאג.

— איך וויל פארגעסען יענע גרויזאמע טעג און וואכען, וואס האבען געפאלגט נאך די עטליכע גליקליכע מאנאטען, ווי לאנג מיין געלד האט געדויערט. שנעל זיינען פארשוואונדען די שנעל אפ־געשפארטע פראנקען. אידיט האט א סך פערלאנגט און איך האב געגעבען...

דער הויכער, שטארקער, בלאנדער מאן, מיט דעם בלאסען פנים און מיט די ניט אויסגעווישטע טרעהרען אין די אויגען, האט פאר־ליגט זיינע ארעמס אויף זיין ברייטער ברוסט און מיט א טיעפען זיפין פארטגעזעצט.

— און אז איך בין געווארען אן ארבייטער אין אמעריקא, האט אידיט שוין זעלטען געשמייכעלט. איהרע אויגען האבען אויפגעד הערט צו רייצען. איך האב געדענקט, אז דאס זארגט זי זיך, ווייל איך דארף זיך אזוי פלאגען. און דאן איז געקומען דער שרעקליכער טאג, ווען איך האב אויסגעפונען אז מיין געליעבטע איז מיר מעהר ניט טריי. א שרעקליכער טאג איז דאס געוועזן!

און זעהר שרעקליך האט אויסגעזעהן זיין גרויס פנים ווען ער האט דאס געזאגט, צודרעהט פון וועהטאג, נאס פון טרעהרען, מיט

פארקריצטע צייהן און פארביסענע ליפען האט ער שטיל געקוקט פאר זיך.

— און עס האט ניט געהאלפען קיין רעדען, קיין בעטען, קיין סטראשען, קיין וויינען. גאט מיינער, ווי טויב זי איז געווען! א י ך האב שוין מעהר פאר איהר ניט עקזיסטירט. איצט איז עס געווען מיין פריינד, מיין ב ע ס ט ע ר פריינד, דער נאר!

א ווײלע שפעטער האט ער פארטגעזעצט:

— און איך בין אוועק. איך ווייס ניט ווי א מאן קען אזוי פיעל וויינען, ווי איך האב יענע טעג געוויינט. און א מאל האב איך זיך געהאלטען פאר א שטארקען מאן! יעדען טאג פלעג איך צוריקגעהן צו איהר און זי בעטען. און זי האט געלאכט פון מיר. דאן האב איך געקויפט א רעוואלווער, געשיקט א קויל אין מיין קאפ. אבער אויך דאס איז מיר ניט געלונגען, אזוי ווי אלעס געלינגט מיר ניט.

—און דאן? — האט דער ריכטער געפרעגט שטארק פעראינ־טערעסירט, נאך דעם ווי דער מאן האט א היבשע ווײלע געשוויגען.

— דאן? — האט ער געפרעגט, ווי ער וואלט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, — אה, דאן, איך האב זיך לייכט פארוואונדעט, בין אפ־געלעגען עטליכע וואכען אין האספיטאל. און אז איך בין ארויס, בין איך געווען פול מיט נייע פלענער, ווײל אין האספיטאל איז זי מיך געקומען בעזוכען, און זי האט א ז ו י ליעב געשמייכעלט! אבער אז איך בין געקומען צו איהר, האט זי זיך ענטזאגט צו וואוי־נען מיט מיר. און איך האב געקויפט א נייעם רעוואלווער.

— און דאן? — האט נאך א לענגערע פאוזע געפרעגט זיין אד־וואקאט.

— איך ווייס ניט, אויב איהר וועט מיר גלויבען, — און ווידער האט ער פארלייגט זיינע ארעמס, — אבער איך בין יענעם פריה־מארגען ניט געגאנגען צו איהר אום איך זאל ז י טויטען. ניין, איך בין געגאנגען זיך א ל י י ן טויטען פאר איהרע אויגען. אבער ווען איך האב ארייגעקוקט דורך דעם פענסטער און זי, מיין געליעבטע געזעהן אין בעט מיט מיין בעסטען פריינד. אין זעלבען

בעט, פאר וועלכען איך האָב ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק בע־צאָהלט אַ שעהנע סומע פון מיינע הײמישע פראנקען, דאן האָב איך געזעהן רויט, רויט!... זיי האָבען מיך גענומען אַזועקטרייבען און איך האָב בארגעסען, אז איך בין געקומען זיך שיסען. איך האָב געשאָסען אויף זיי. גאָט מיינער, ווארום איז ניט געווען מעהר בולעטס אין דעם רעוואָלווער?! ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אז איך וויל שטארבען, איז שוין געווען צו שפעט. דער רעוואָלווער איז געווען לעדיג!

זעהר ביטער האָט ער געוויינט די גאנצע צייט וואָס די דזשורי האָט זיך בעראטהען. זיין שטאַרק פּנים איז געווען צודרעהט פון וועהטאָג.

די דזשורי האָט געזאָגט שולדיג, שולדיג אין מאָרד ערשטען גראד.

און מיט דעם וואלט זיך שוין פיליכט געענדיגט די טראגעדיע פון דעם נאר. אבער די דזשוראָרס האָבען געבעטען רחמנות פאר איהם, זיי האָבען מיטלייד געהאט מיט דעם אוגגליקליכען נאר. און אפשר האָבען מאַנכע פון זיי פארשטאנען? און זיך געשראָקען פאר דער צוקונפט, זיך געשראָקען, אז זיי קענען נאָך אויך ווערען אַזעלכע נאראָנים?...



# שלעכטע ווערטער.



י איז געוועזן אַ הויך געוואקסענע, צו־שנעל ענטוויקעלטע יונגע מיידעל. די אטמאָספערע, אין וועלכער זי האָט געלעבט, איז ניט געוועזן קיין ריינע. זי האט געהערט מעהר רייד צווישען איהרע בעקאנטע וועגען קערפערליכער ענטוויקלונג, ווי וועגען אינערליכער. און דאָך איז דער אינסטינקט צו בעסערס געווען אזוי שטאַרק אין איהר, אַז זי האט ניט געקענט דולדען די גראָבע רייד, מיט וועלכע איהרע חברים האָבען זיך בענוצט.

מען האט פון איהר געלאכט, זי האָט פערשטאָפּט איהרע אויערען און געשטופט פון זיך דעם מאן, וועלכער האט צו יעדער געלעגענהייט געהאט אַ גראָב ווערטעל. און וויל זי האָט עס ניט געוואָלט דולדען, האט ער פרעכער געלאכט און מעהר געערדט. זי האָט איהם געווארפען די שער אין קאָפּ — און איצט איז זי אין געריכט אונטער אַ קלאגע פון אנגריף.

— ווי אלט זייט איהר? — שטעלט איהר אדוואָקאט די געוועהנליכע פראגע.

— זיבעצעהן, — ענטפערט זי אין אַ קלאָהרער שטימע, וועלכע ציטערט אביסעל. איהרע אויגען זיינען גרויסע, צושראָקענע, אין פּאַרשענד הוקט זי זיך ארום. זי האט מורא פאר יעדער בעוועגונג אין קאָורט־רום. אַז עס געהט אַריין איטיצער, בייט זיך איהר פארב, דאס כמעט קינדערישע בלאסע פנים ווערט נאָך בלאסער. אין איהר הויכע ברוסט הויבט זיך שנעל ערשט ווען די אָנגעקומענער זעצט זיך אוועק. אטהעמט זי אב לייכטער, און לעגט אוועק איהרע דיקע הענט אויפ'ן שויס.

— דערצעהלט אונז, ווי דאס איז געשעהן, — פרעגט ווידער

איהר אדוואקאט, מיט אַן אונאנגענעהמען טאָן. ער איז אַן אונ־בעקאנטע פיגור אין קרימינאַל געריכט. ער איז פון די קליינע בלוט־זויגער, וואס רופען זיך אַדוואקאטען, פון יענע, צו וועמען עס קו־מען די אונוויסענדע ארימע מאסע. מען לעגט אוועק דעם שיקזאל אין די הענד פון אזאַ אדוואקאט. מען קוקט אויף איהם, ווי אויף אַ גאָט, און ער איז שטענדיג אונצופריעדען, ווייל ער קען פון איין ניט אויספרעסען אַ ביסעל מעהר געלד.

— געשעהן? אָה, עס איז געשעהן יעדען טאָג — ענטפערט זי.

— איהר האָט דאך ניט געוואָרפען א שער אין זיין קאָפּ יע־דען טאָג? — ווערט שוין אויפגערעגט דער הויכער אדוואָקאט מיט דעם קליינעם מוח.

— ניין. אבער דאס ארט מיך ניט. מיך ארט נאָר, וואָס ער האָט א הוצפה צו רעדען אזוי צו מיר! — האָט דאָס מיידעל נאַאיוו גע־ענטפערט.

דער אדוואקאט האָט פערצווייפעלט פערוואָרפען זיינע לאַנגע אָרעמס, און עס האָט אויסגעזעהן, אז באלד דונערט ער ארויס עט־ליכע אינאנגענעהמע ווערטער. ווען דער ריכטער, אַ יונגער, זעהר אַ סימפּאטישער, האָט פריינדליך געפרעגט:

— מיר מיינען וועגען יענעם טאָג, ווי עס איז געקומען דערצו, אז איהר זאָלט איהם וואַרפען די שער?

— די שער? אָה, די שער? עס איז זיין גליק, וואָס איך האָב ניט געהאט א שווערערע זאך אין די הענד.

— אבער דאס איז דאך אַ פערברעכען, — האָט זיך ביי איהר ווי געבעטען דער ריכטער.

— אַ פערברעכען? און רעדען אזעלכע שרעקליכע רייד איז ניט קיין פערברעכען? איך ווייס וועניג וועגען גערעכטיגקייט, אָבער איך זאָג אייך, מען וואָלט א י ה ם געדאַרפט איינשפּאַרען און נ י ט מיר.

— אבער איהר האָט דאך איהם געוואָרפען אַ שער אין קאָפּ און צושפּאָלטען זיין קאָפּ?

— מאכט ניט, זיין צונג איז נאך גענוג לאנג צו רעדען מיאוס'ע רייד צו יונגע קינדער.

א ווײַלע איז אין געריכט געווען שטיל. דער ריכטער איז געווען זעהר סימפאטיש און דער לאיער האט זיך וואהרשיינליך בעדענקט, אז דער מיידעל'ס עלטערען וועלען פערשטעהן, אז ער טהוט ניט זיין „ארבייט“, און ער האט מיט א פולער שטימע געפרעגט:

— וואס האט ער געזאגט?

דאס מיידעל איז שנעל אויפגעשפרונגען, ווי מען וואלט איהר געוועזן אבגעבריהט.

— דאס וועט איהר איהם דארפען פרעגען! דענקט איהר, אז איך וועל אזעלכע ווערטער איבעררעדען? איך בין ניט פון די, וואס געדענקען אזעלכע רייד! אבער איך ווייס, אז זיין מויל האט גענוג שלעכטס געטהאן!

— וואס מיינט איהר? — האט איהר דער ריכטער ווי פערשעהמט געפרעגט. ער האט פערשטאנען, אז זיין האלטונג איז ניט אזוי „ערהאבען“ ווי דאס געזעץ פערלאנגט, אבער היינט האט ער זיך עפעס געפיהלט מעהר מענש ווי ריכטער...

— וואס מיין איך? וואס? איך מיין יענע צוויי מיידלעך פון אונזער שאפ, וואס געפינען זיך איצט אין געפענגניש פאר אויסגעלאסענהייט, א דאנק זיין מויל.

— ווי קומט עס? — האט דער ריכטער ווייטער געפרעגט.

— זיי זיינען זעהר יונג, זיי זיינען אנגעקומען צו אונז ארבייטען, ווען זיי זיינען נאך כמעט קינדער געווען, און פאר די לעצטע פינף יאהר האבען זיי זיך איינגעהערט צו זיינע אויסגעלאסענע בעמערקונגען. מיט יעדען בלאט טאבאק וואס זיי האבען צונויפגעפרעסט, מיט יעדער סיגאר וואס זיי האבען געמאכט, האבען זיי געשלונגען זיינע גראבע וויצען, און וואס דענקט איהר האבען די וויצען פון זיי געמאכט? דאן האב איך ניט פערשטאנען. עס האט

מיך בלויז געעקעלט פון זיינע רייד, איך האָב זיי שוין ניט געקענט אויסהערען. האָב איך געוואָרפען אין איהם די שער.

— און ווי פערשטעהט איהר איצט?

— איצט האָב איך געהאַט צייט זיך אַ ביסעל צו בעדענקען, אין געפענגעניש רעדט מען מיט אַנדערע. איך בין דאָרט געזעסען דריי וואָכען, ווייל מיינע עלטערען האָבען ניט געקענט געבען די פינף הונדערט דאָלאַר בייל פאַר מיר. איך האָב זיך דאָרט בעקענט מיט אַ פרוי. אפשר קענט איהר זי? די, מיט די דיקע גע־פאַרבטע האָר. זי איז אַ גוטע, זי איז ניט אַזוי שלעכט ווי איהר דענקט. אמת. זי שפּייט אַ סך, אָבער דאָס, זאָגט זי, איז פון רויכערן. ווען איך האָב איהר דערצעהלט וועגען יענע מיידלעך, האָט זי געזאָגט, אז איך בין אַ גליקליכע, וואָס פון מיר איז אויך ניט געוואָרען אַ גאַסען מיידעל ווי פון זיי, ווייל זי זאָגט, אז ער מיט זיינע רייד האָט געהאָלפען די מיידלעך ווערען אויסגעלאָסען. איהר פערשטעהט? און זי ווייסט, וואָס זי רעדט, איהר דאַרפט הערען וויפיעל זי האָט שוין איבערגעלעבט.

די דזשוראָרס זיינען געווען מיטעל־יעהריגע, קאַלטע מענשען, וועלכע האָבען זיך שטרענג געהאַלטען ביים אות פון געזעץ, און זי ערקלערט שולדיג.

אָבער דער יונגער ריכטער האָט לאַנג, לאַנג געטראַכט איידער ער האָט ארויסגעזאָגט זיין אורטייל. דאַכט זיך אז דער מיידעל'ס בעקאַנטשאַפט מיט דער געפאַרבטער פרוי, וואָס שפּייט אַ סך, האָט איהם ניט געפעלען, ער האָט ערנסט געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט דעבאַטירט מיט זיך אליין, וואָס צו טהאָן.

ענדליך האָט זיין געוויסען געזיעגט. ער האָט דאָס מיידעל אהיים געשיקט. אבער צו ערשט האָט ער געהאַלטען אַ לאַנגע רעדע וועגען מענשען, וואָס טהוען שלעכטס אין דעם מאָמענט פון אויפ־רעגונג.

אין קאָרידאָר, עטליכע מינוטען שפּעטער, איז דאָס מיידעל

געשטאנען א שטומע, פעסט צוגעטוליעט צו איהר פערדארטער מי־
טער ברוסט, און עטליכע טריט ווייטער איז געשטאנען צווישען א
גרופפע מענער און פרויען דער קלעגער — א הויכער בלייבער מאן
מיט צינישע שמייכלענדע ליניען ארום זיין דיקען מויל, און קי־
קענדיג פרעך אויף איהר האט ער בעמערקט:

— א שעהן מיידעל מעג אלעס.



# אויסגענאַרט.



יידע זיינען געווען עלטערע מענשען. צוויי און דרייסיג יאהר פארהייראט, געלעבט כמעט גליק־ליך ביז — אַבער מיר ווען זיי אליין לאָזען דערצעהלען:

— אַט דער שניט, פ'טהוט נאָך וועה, וועט בלייבען אַן אייביגער צייכען אויף מיין באַק — האָט זי געזאָגט און זיך ברייטליך אוועקגעזעצט אין דעם עדות־שטוהל.

זי איז זיך געווען אַ געמיטליכע, מיטעל־יעהריגע פרוי, מיט אַן אַפגעהיט פנים און מיט זעהר ווייניג גרויע האָר. איהרע קליידער זיינען געווען קאסטבאר, עלעגאנט, ניט שרייענד. איבערהויפט האָט זי געמאכט דעם איינדרוק פון זעהר אַ צופריעדענעם מענשען.

— איהר זעהט ווי טיעף דער שניט איז? — האָט זי געפרעגט דעם ריכטער. און איהרע אַפגעהיטעטע הייסע האַנט האָט אַנגעוויזען אויף אַ קיים פארהיילטען רויטען שניט אויף איהר לינקער באַק.

— מיט וואס האָט ער אייך אזוי צושניטען? — האָט מיט סימפּאַטיע געפרעגט דער ריכטער.

— אַ טעלער האָט ער מיר געוואָרפען אין קאָפּ.

— ווי לאנג זייט איהר פארהייראט?

— צוויי און דרייסיג יאָהר, מיר האָבען שוין עטליכע איינִיק־לעך.

— און מיט אַ מאַן וואס ווארפט אייך טעלער אין קאָפּ, זייט איהר געווען צוזאמען צוויי און דרייסיג יאהר?

— ער. ער פלעגט דאס פריהער ניט טהאָן, — האָט זי שטיל געענטפערט און עפּעס פערשעהמט געקוקט אויף די שפּיצען פון איהרע עלעגאנטע שיכלאך.

דער מאַן, וועלכער האָט אויסגעזעהן שוואַכער, קלענער און בײַעל עלטער פון איהר, האָט איצט איראָניש געשמייכעלט.

— און פאַרוואָס האָט ער זיך פלוצלונג געביטען? — האָט גע־פרעגט דער ריכטער.

— ער איז געווען קראַנק און פון דאַן אָן האָבט זיך איהם, אז איך ביז שלעכט — האָט זי געענטפערט ווערענדיג לעבעדיגער.

איהרע רוהיגע אויגען האָבען געקוקט מיט אַ זיכערען בליק אויף דער רזשורי, איהרע ברייטע פלייצעס האָבען זיך שטאָלציק אויסגעגלייכט און זי האָט געזאָגט:

— איך וואָלט איהם ניט געקומען פאַרקלאָגען, איצט טהוט מיר שוין לייד. אַ נאַר דאַרף מען פאַרציהען. אָבער, אָבער די וואונד איז געווען אַן ערנסטע און אין האָספּיטאַל האָט מען מיך צוגערעדט, אַז איך טאָר אזא פערברעכען ניט פאַרשווייגען.

זי איז וואהרשיינליך געווען שטאַרק ציפריעדען מיט דעם איינ־דרוק, וואָס איהרע רייד האָבען געמאַכט אויף דעם ריכטער און אויף דער דזשורי. זי האָט זיך שוין געוואָלט צוריקציהען, ווען איהר מאַנ׳ס אדוואָקאַט האָט איהר אַ געמאַכטער זיסער שטימע געפרעגט:

— ווי קומט עס, מאַדאַם, אַז איהר האָט געלעבט צוויי און דרייסיג יאָהר מיט אַ נאַר?

— דאָס איז מיין געשעפט! — האָט זי בייז געענטפערט און איהר רוהיג פנים איז געוואָרען שטורמיש.

— איהר ווערט שוין בייז? אַ ביסעלע צו שנעל, מאַדאַם. דערצעהלט אונז בעסער, וואָס האָט געפיהרט צו דעם קלימאַקס מיט׳ן טעלער איז באַק?

די פרוי האָט ניט געענטפערט, אָבער אַ טיעפע רויטקייט איז פאַרלאָפען איהר פנים.

— זאָל איך דערצעהלען? — האָט געפרעגט דער לאָיער.

— ווער ווייסט וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען ער האָט אייך אָנ־דערצעהלט! די לעצטע צייטען ווייסט ער ניט וואָס ער רעדט!

— אייער מאַן איז מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק אָפּערירט גע־וואָרען?

— יא. — האט זי קורץ, ניט ווילענדיג געענטפערט.

— איהר האט געדענקט, אז ער וועט פון דער אפעראציע שטאר־בען?

— יור האנאר, איך פראטעסטיר! — האט די פרוי געשריען.

— גוט. איך האב שוין מיין ענטפער! האט דער אדוואקאט צופריעדען געלאכט.

— האט ער אייך פארשריבען געוויסע צוויי הייזער, ווען ער איז אוועק אין האספיטאל?

— ער האט מיר די הייזער געגעבען!

— קענט איהר זיך דערמאנען, וואס ער האט אייך דאן געזאגט?

— ניין!

— וועל איך אייך דערמאנען. — און דער אדוואקאט האט פאר־געלעזען פון א לאנג בלוי פאפיער: — צוויי הייזער, איינע גע־פינט זיך אין דער עלפטער סטריט נומער — און איינע אין דער דרייסיגסטער סטריט, נומער — שרייב איך איצט איבער אויפ'ן נאמען פון מיין פרוי לינא, זי דארף די „דיעדס" רעקארדען ערשט נאך מיין טויט. ווען די הייזער וועלען צו איהר באלאנגען. קום איך אבער ארויס א לעבעדיגער פון דער אפעראציע, דארף זי מיר צוריק אוועקגעבען די הייזער. איצט — האט ער איהר דערלאנגט דעם פאפיער — דערקענט איהר אייער מאנ'ס האנד־שריפט?

— יור האנאר, ווער איך דא פראצעסירט? איז דאס א סיוויל פראצעס וואו מען קלאגט זיך פאר געלט? אדער ווערט ער דא פראצעסירט פאר אנגריף?! — האט זי בייז געפרעגט.

— עס האט אבער צו טהאן מיט דער אנגריף־קלאגע, — האט דער ריכטער געזאגט. — איצט איז ער שוין געווען ווייניגער סימ־פאטיש.

— איז דאס אייער מאנ'ס האנד־שריפט? — האט ווידער גע־פרעגט דער אדוואקאט.

— ווער האט איהם געהיט? ער קען דאך אנשרייבען. וואס ער

וויל! יא. עס איז זיין האנד־שריפט, אָבער איך האָב זיך דאָך ניט אונטערגעשריבען!

— איהר זייט זעהר אַ קלוגע, מאדאם, ער האָט אייך געהייסען אונטערשרייבען און איהר האָט געלאכט פון איהם און פערשפּראָכען, דערוויל איז ער געוואָרען שטאַרק קראנק און האָט אַן דעם פערגעסען. ווען ער איז געזונט געוואָרען האָט איהר זיך ענטזאגט צוריק אוועקגעבען די הייזער, פאַרוואָס?

— ווייל, אויב ער איז מיר אַ געטרייער מאַן, איז נאָך צוויי און דרייסיג יאהר פאַרהייראַט לעבען, קען ער דאָך מיר געוויס געטרויען?

— און אז ער האָט ניט געוואָלט, האָט איהר איהם גערופען אַלטער נאַר, געלאכט פון איהם. געקאַרגט דאָס נויטיגסטע פון איהם און זיך אַלייז האָט איהר ארומגערינגעלט מיט לוקסוסען, ער האָט דאָך געאַרבייט פאַר דעם פאַרמעגען?

— אָבער ער איז איצט צו שוואך זיך אָבצוגעבען מיט געשעפטען.

— איהר זייט זעהר אַ געטרייע פרוי — האָט דער אדוואָקאַט איראָניש געשמייכעלט. — אויב איהר זייט איהם אזוי געטריי. טאָ וואָרום האָט איהר איהם געלאָזט גאַנצע נעכט אַליין? און ער האָט אפילו ניט געהאַט ווער ס'זאָל איהם אַ גלאָז וואסער דערלאַנגען?

— אויב ער איז קראַנק, זאָל איך מיך שוין איינגאַנצען צובינדען צום בעט? איך וויל נאָך לעבען.

— דערפאַר האָט ער טאַקע געוואָלט די הייזער צוריקנעהמען, ווען ער האָלט דאָס געלד זייט איהר איהם אביסעל מעהר געטריי.

— געוויס. דאַן וואָלט ער מיך געדריקט און געשטיקט, איך וואָלט ניט געהאַט אַן אייגענעם סענט!

— האָט איהר זיך בערעכענט, בערעכענט בעסער ע ר ווי א י ה ר! זעהר קלוג, מאַדאַם. אָבער איהר האָט אביסעל צו שטאַרק איינגעצויגען דאָס שטריקעל. צום ביישפּיעל, יענעם אבענד, אין דער געביידע, האָט אויסגעבראָכען אַ שרפה, פרעמדע מענשען

האבען אייער מאן פון בעט ארויסגעטראגען, ער איז שיער ניט פארברענט געווארען און איהר זייט אין דער אפערא געוועזן.

— איך האב דאך ניט געוואוסט פון פייער.

— אמת, אבער איהר האט דאך געקענט זיינע קראנקע צו־שראקענע נערווען בארוהיגען, אנשטאט דעם וואס האט איהר גע־טהאן? יענע נאכט האט איהר געלאכט פון איהם, און אז ער האט אייך געווארפען א טעלער, זייט איהר געקומען אין געריכט? שעה־מען מעגט איהר אייך, מאדאם!

דער קליינער, גרויער אנגעקלאגטער האט צופריעדען געשמייכעלט, און זיין פרוי האט איהם מיט בייזע בליקען געפרובט שיסען.

און ווען ער איז פריי־געשפראכען געווארען האט איהר שטארק פארדראסען. צוויי־און־דרייסיג יאהר צוזאמען לעבען האט פון זיי געמאכט שונאים...



# „דער לעבעדיגער מת“.



יז קאָורט איז אריין אַ מאַן אין די מיטעלע יאָהרען, אַ קליין געוואקסענער מיט אַ געל צוקנייטשט פּנים, קליינע אויגען וועלכע זיינען טיעף אריינגעזונקען אין קאָפּ. ער איז מיט שנעלע טריט צוגעגאנגען צום קעפּטען און אוועק שטופּענדיג איהם, האָט ער געוואָלט ווייטער געהן.

דער קעפּטען האָט איהם אָבגעשטעלט מיט אַ פראגע, וואו ער וויל געהן.

„איך וויל צוגעהן צום דזשאַדזש“ — האָט ער ערקלעהרט שטורפּענדיג זיך נעהענטער.

א לאָיער וואָס האָט געהאלטען אַ רעדע האָט זיך אָבגעשטעלט, די אנוועזענדע האָבען זיך אונטערגעהויבען פון זייערע פּלעצער, אין קאָורט איז געוואָרען אַ טומעל.

דער דזשאַדזש האָט געקלאַפּט אָרדער, און געפרעגט:

— וואָס פארלאנגט איהר? —

— איך קען אייך פון אזוי ווייט ניט זאגען, איך מוז צוקומען נעהענטער — האָט ער געענטפערט און האָט זיך ווידער געשטופּט.

דער קעפּטען האָט איהם ווידער אָפּגעהאלטען און דער דזשאַדזש האָט אונגעדולדיג אויסגעשריען:

— רעדט פון דארט, וואָס ווילט איהר?

— איך וויל צוגעהן נעהענטער, איך וויל איהר זאָלט פּיהלען מיין קערפּער. —

דאָ איז שוין דאָס שושקעריי פון די אנוועזענדע געוואָרען העכער, מאנכע האָבען זיך גענומען איבערקוקען און צייגען מיט זיי־

ערע פינגער אויף די קעפּ. דער קעפּטען האָט מיטביידע הענט אָנ־געכאַפּט דעם מאַן, זאָגאר דער שטרענגער אויסדרוק פון דזשאָרזש'ס פּנים האָט זיך געביטען אויף מיטלייד.

אַלע האָבען געשוויגען און געקוקט אויף דעם מאַן, דענקענדיג, אַז ער איז גערירט פון זינען.

— איך וויל איהר זאָלט מיר זאָגען אויב איך לעב, אָדער איך בין טויט. — האָט ער ערקלעהרט קוקענדיג גלייך אויף דעם דזשאָרזש.

עס האָט אויסגעבראָכען אַ הויכיג געלעכטער, אַפּילו דער דזשאָרזש האָט געשמייכעלט.

— איהר לאַכט? איך איז לייכט צו לאַכען, פאַר מיר איז דאָס אָבער זעהר וויכטיג, און איך וויל איהר זאָלט מיר ענטפערען.

— ווער זאָגט דען, אַז איהר זייט טויט? — האָט דער דזשאָרזש געפרעגט, קוים איינהאַלטענדיג זיך פון געלעכטער.

— מיין פרוי, זי זאָגט, אַז איך בין געשטאָרבען, דענקט איהר אויך אַזוי?

— געוויס ניט — האָט דער דזשאָרזש הויך געלאַכט.

— טאָ גיט זשע מיר אַ וואָראַנט, וועל איך זי לאָזען אַרעסטי־רען.

— אַרעסטירען, פאַר וואָס? — האָט דער דזשאָרזש געענט־פערט, ווערענדיג ערנסט.

— ווייל זי זאָגט, אַז איך בין טויט.

בעמערקענדיג דאָס אַלע לאַכען, האָט ער פאָרטגעזעצט:

— מיט עטליכע יאָהר צוריק בין איך אוועק פון איהר, ניט קענענדיג מעהר אויסהאַלטען איהרע קללות. איך האָב איהר ניט געשריבען, אָבער איהר ווייסט דאָך, די צייט היילט אַלץ, איך האָב פערגעסען אַן איהר שלעכטקייט, און גענומען בענקען נאָך איהר. נעכטען האָב איך מיך צוריקגעקעהרט און זי געטראָפען וואוינענדיג מיט אַ צווייטען, מיט אַ געוועזענעם באָרדער.

דאַ האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויף די אנוועזענדע און בע־

מערקענדיג, דאס פיעלע זיינען שוין געוואָרען ערנסט, האָט ער ווייטער דערצעהלט:

— ווען איך בין אריין, האָט זי גענומען שרייען, אז איך בין געשמארבען, אז זי איז זיכער, אז איך בין טויט! און זי האָט מיך ארויסגעיאגט. היינט ווען איך בין צוריקגעקומען האָט זי ווידער גענומען שרייען, אז איך בין טויט, און דאָס האָט מיך אזוי אויפגערעגט, אז איך וויל זי לאָזען ארעסטירען.

— איהר קענט איהר פאר דעם ניט לאָזען ארעסטירען, איהר קענט איהר קלאָגען פאר א גט — האָט דער דזשאָדזש ערקלערט, א מאך טהוענדיג מיט דער האנד אז ער זאָל ארויס.

— שעהנע גערעכטיגקייט — האָט ער, דער „טויטער“, בייז געמורמעלט, לאנגזאם ארויסגעהענדיג פון קאָורט־רום.



# פייער!



לע טאג קומט זי אין קאורט, זעצט זיך אוועק אין זעלבען ווינקעל, אין איהרע גרויסע גרויע אויגען איז דער זעלבער הונגעריגער אויסדרוק, עפעס זעהען זיי אזוי אויס, ווי זיי וואלטען געוואלט איינשלינגען דעם רזשאדזש און די רזשורי, וועלכע וועלען אורטהיילען איהר מאן.

זיין פראצעס איז א לאנגער אבקומעניש פאר איהר. שוין דעם עלפטען טאג ווי ער געדויערט. די בעווייזע זיינען מעהרסטענס טהייל טעכנישע, מען וויל איבערצייגען, דאס ער האט געמאכט א פייער אין זיין פעקטארי.

די פערטרעטער פון די אינשורענס קאמפאניעס דערצעהלען וועגען די גרויסע סומע געלד וואס ער האט ביי זיי אויפגעמאנט, זיינע אנגעשטעלטע דערצעהלען דאס עס איז געווען „סלעק“ א לאנגע צייט, און יעדער בעוויין צייגט דאס דער פייער איז געווען א געמאכטער.

די פערטיידינונג איז, אז דער פייער האט זיך גאר ניט אנגעפאנגען אין דעם פלאץ פון אנגעקלאגטען, זאנדערן אויף דעם נעקסטען פלאר.

דעם לעצטען טאג פון פראצעס רופט מען איהר ארויס אלס עדות. א דערשראקענע ענטפערט זי אויף יעדער פראגע פון דיסטריקט אטוירני.

איהר ברוסט הויבט זיך שנעל, שנעל. מ׳קען זעהן דאס זי מאכט דורך א שרעקליכען קאמפף מיט זיך אליין, יעדעס מאל ווען זי זאגט א ווארט.

לאנג געדויערט דער קרייז־פערהער, און די גאנצע צייט האלט איהר קערפער אין ציטערען.

מיט אראבגעלאזענע אויגען גיט זי צו, דאס די לעצטע צייטען זיינען זיי ניט געווען גוט אפ פינאנציעל.

און ווען עס דאכט זיך אז באלד, באלד הערט מען זי שוין אויך צו פלאגען מיט פראגען, הערט זיך פלוצלונג א יאמערליכער געשריי פון איהר, ווי א קנויל ווערט איהר קערפער צוזאמענגע־דריהט און זי פאלט אין חלשות.

איהר געשריי קומט אלס ענטפער צום דיסטריקט אטוירני׳ס פראגע: „זייט איהר בעקאנט מיט מרס. אייבראמס?“ די פראגע שטעלט ער קוקענדיג גלייך אין איהרע פערוויינטע אויגען.

געוויס ווערט יעדער איבערראשט פון איהר היסטערישע, אויס־בריך, און אלע העלזער ציהען זיך אויס און אויערען שטעלען זיך אן. ווען דער דיסטריקט אטוירני רופט אלס זיין נעקסטען עדות מרס. אייבראמס, נאך דעם ווי דער לאיער ערקלערט אז די פער־טיידיגונג איז געשלאסען.

מרס. אייבראמס איז א דיקע פרוי אין די מיטעלע יאהרען. זי פערלענגט איין דיקע האנד אויף דער צווייטער און מיט אן אונ־פריינדליכע שטימע דערצעהלט זי פאלגענדעס:

— איך בין א ווארטס־פרוי, געה צו קינדפעטארינס, געוועהנליך הער איך מיך אן זאגען, וואס מ׳וויל איך זאל פערגעסען, — און זי גיט צו מיט א צופריעדענעם געלעכטעריל — איך פערגעס אבער ניט.

— מיט יאכט יאהר צוריק האט מען מיך גערופען צו דער ליידי, דאס איז געווען איידער זי איז נאך געווארען אזא סוועלע. — מיט שפאט — זי רופט דאך בלויז נוירסעס יעצט!

— זי איז דאן געלעגען געווארען מיט איהר ערשטען קינד. זי איז געווען יונג. זי האט דא קיינעם ניט געהאט. איין טאג איז זי פלוצלינג זעהר שוואך געווארען. איך האב געוואוסט דאס עס איז ניט אזוי געפעהרליך, אבער זי האט זיך זעהר דערשראקען און זי איז געווען זיכער דאס זי וועט באלד שטארבען. מיט טרעהרען האט

זי בעוויינט איהר קליין קינד און געשריגען „מיט וועמען זאל איך דיך לאזען? מיט וועמען?!“

— וואס איז, אויף אייער מאן געטרויעט איהר גאר ניט דאס קינד? — האב איך געפרעגט.

— איך האב מורא — האט זי ערקלערט, און אין געבראכענע ווערטער האט זי מיר דערצעהלט: „עס איז געווען מיט עטליכע מאנאטען צוריק, באלד נאך דעם טויט פון מיין מוטער, מיר זיינען געווען זעהר שלעכט אב, מיין מאן האט ניט געהאט קיין דזשאב און איך בין געווען אין אזא לאגע. אונזערע אומשטענדען זיינען געווען אזוי שרעקליך, דאס עס איז אויסגעקומען מיר זאלען זיך נעהמען דאס לעבען. איין אבענד איז מיין מאן אהיים געקומען אן אויפגערעגטער און מיר ערקלערט אז דער איינציגער וועג איז דאס ער זאל מאכען א פייער אין הויז, און מיט דער אינשורענס וועלען מיר זיך קענען רעטען“.

די דינע פרוי קוועטשט זיך ארום, פערדריקט זיך איהר הענט און דערצעהלט ווייטער:

— עס האט מיך געפייבערט ווען זי האט מיר דאס דערצעהלט. זי איז געווען קאלט, איך האב זי אונטערגעהאלטען און זי האט קרעכצענדיג ווייטער גערעדט:

„איך בין א טויטע געבליבען, איך האב געוויינט. ביי איהם זיך געבעטען. איהם אנגעצייגט אויף דעם געפאהר פאר א הויז מיט מענשען, און ווען דאס האט ניט געהאלפען, האב איך איהם געווארענט דאס מען וועט אלעס אויסגעפינען, די שכנים וויסען, אז ער ארבייט ניט, מען וועט זוכען און מ'וועט איהם ארעסטירען. איך האב געקלאגט און געוויינט און ס'האט ניט געהאלפען.

„זיין פלאן איז געווען אזא: ער וועט זיך אויסטהאן און זיך אריינלעגען אין א וואנע וואסער. איידער ער וועט דאס טהאן, וועט ער אנצינדען א שטיקעל מעבעל, ווען דאס וועט זיך צוברענען וועט ער זיין אין וואסער און קיינער וועט איהם ניט פערדעכטיגען. אזוי איז געווען. איך האב איהם געזעהן אריין אין באדרום, איך בין געבליבען א האלב טויטע, דא איז אריינגעקומען א

שכן, ער האט מיט מיר גערעדט וועגען פערשיעדענע זאכען, איך ווייס ניט וואס איך האב איהם געענטפערט, ווייל מיין גאנצער קערפער איז מיר געווען ווי אבגענומען, איך האב זיך בלויז איינגעהערט וואס ס'טהוט זיך איז בעד־רום. ס'האט מיר אויסגעוויזען דאס שטונדען זיינען פאראיבער, איך ווייס ניט וואס איך האב דעם שכן געענטפערט, אבער יענע צייט וועל איך קיינמאל ניט פערגעסען —"

דא איז זי צוריקגעפאלען זעהר א מיעדע. זי האט מיך געבעטען איך זאל דאס קיינעם ניט דערצעהלען. שפעטער האט זי מיר ערקלערט דאס פון פייער איז גאר ניט געווארען, ווייל איהר מאן האט חרטה געקראגען און דאס אליין אויסגעלאשען.

די גאנצע צייט וואס די פרוי האט דאס דערצעהלט, האט אין קאורט רום געהערשט א טויטע שטילקייט, דער אנגעקלאגטער איז געזעסען א געבויגענער, פארדעקענדיג זיין פנים מיטביידע הענד, זיין פרוי האט שטיל געוויינט, און איהר קאפ איז געווען אנגעשפארט אויף די פלייצעס פון א פריינד.

— זי האט אייך געבעטען ניט אויסזאגען, און איהר שעהמט אייך ניט צו דערצעהלען דאס, וואס א היסטערישע שטערבענדע פרוי האט אייך דערצעהלט, דענקענדיג אז עס איז איהר לעצטע מינוט? ! האט געפרעגט דער אנגעקלאגטערס לאיער.

— אויב ער האט דאס איינמאל געטהאן איז גאניז מעגליך, ער זאל דאס נאך אמאל טהאן! ענטפערט זי, און די דזשורי שיינט אויך אזוי צו דענקען, ווייל עס נעהמט זיי ניט לאנג און זיי געפינען איהם שולדיג.



# „בען ד. דוד“.



ען ד. דוד“ האט מען איהם גערופען, און אלע די וואס ווייסען נאר עפּעס וועגען „בעוואוסטע“ גנבים קענען איהם, אדער זיי האבען געהערט פון איהם.

דעם נאמען האט מען איהם געגעבען ווייל ער האלט זיך נעט און עלעגאנט. זיינע מאניערען זיינען גאנץ גוטע און זיין טאן א געשעפטסמעסיגער. ער רעדט שנעל און די וואס קענען איהם ניט, ווערען הינגעריסען פון זיין העפליכקייט.

ער רופט כמעט אלע געריכטס אנגעשטעלטע ביים נאמען, און טהוט זיך שטארק אויף מיט דעם פאקט (?), אז ער איז מיט איינעם פון די ריכטער אין דערזעלבער שוהל געגאנגען, ווען זיי זיינען נאך ביידע קליינע אינגלאך געוועזן.

דעם מאל האט ער ניט געהאנדעלט לויט זיין געוואהנהייט; ער האט זיך ניט געאיילט צו איבערצייגען אלעמען ווי אונשולדיג ער איז, עפּעס איז איז זיין טאן געווען אן ענטשלאסענהייט.

און דעריבער, ווען דער לאיער האט ערקלעהרט צו דער דזשורי: דזשענטעלמען! דער אנגעקלאגטער וועט אייך עטוואס זעהר וויכטיגעס דערצעהלען — האבען זיך בעוויזען שמייכלען אויף די פּנים'ער פון די מעהרסטע דזשוראָרס און אויך ביי די אנוועזענדע. מען האט לייכט געקענט זעהן, אז מען ערוואַרטעט די געוועהנליכע „באבע מעשה“. וואס יעדער גנב דערצעהלט.

ער איז געווען א מאן פון מיטעלען וואוקס, „ אן אלטער פערברעכער“. מיט שנעלע טריט איז ער ארויף אויפ'ן וויטנעס־סטענד און אין א קלינגענדער שטימע האט ער ערקלערט:

— איך האב געשווארען צו זאגען דעם אמת. איך ווייס אז איהר גלויבט ווענינ אין דער שבועה פון א גנב. איך בעט אייך ניט אז איהר זאלט מיר גלייבען, אורטיילט פאר זיך אליין.

זיין געקרויזעלטע קאפ האר, זיין גרייסער נאז, זיינע קליינע שארפע אויגען, האבען געערדט; אלץ האט גערעדט אין א שמאל־צען טאן, ניט ווי א בעשולדיגטער, נאר ווי א קלעגער.

איך בין אויפגעוואקסען אין א געגענד פון ניו יארק, וועלכער איז מיט יאהרען צוריק שוין געווען געדיכט בעוואוינט.

עס איז געווען א יום־טוב. מיר, באיעס, האבען געשפיעלט באל. איך האב אימער געגליכען באל שפיעלען. אבער דאס אינטערעסירט אייך ניט — האט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל.

— עס האט אויסגעבראכען א פייער, עס איז געווארען א טומעל. מיינע חברים זיינען אויך געלאפען צום פייער און איך נאך זיי. אין געדראנג האט מיר איינער פון מיינע בעקאנטע דער־לאנגט א וואטש. איך האב דאס אוועקגעלייגט. באלד איז גע־ווארען א טומעל. א מאן האט געשריען: מען האט איהם בע־גנב'עט.

— א קליין מיידעלע האט ערקלערט, אז זי האט ביי מיר גע־זעהן די וואטש. איך בין ארעסטירט געווארען און ווייל איך האב ניט געוואלט אויסזאגען ווער עס האט מיר געגעבען די וואטש, האט מען מיך פערשיקט אין רעפארמאטארי.

דא איז ער אויף א ווייל אנשווינען געווארען און פערלייגענ־דיג איין פוס אויפ'ן צווייטען, האט ער פארטגעזעצט:

— דאס אלץ איז פאר אייך ניט וויכטיג, אבער פאר מיר איז דאס געווען דער אנפאנג פון מיין פערברעכערישען לעבען.

— איך בין אלט געווען זיבעצעהן יאהר, ווען איך בין ארויס פון רעפארמאטארי און, דזשענטעלמען, איך בין געווען „רעפאר־מירט“ — האט ער ביטער געלאכט.

— מיינע עלטערען — איך האב אויך אמאל געהאט עלטערע; עלטערען וואס האבען מיך שטארק געליעבט — זיינען געווען די בעסטע מענשען אין דער וועלט.

— מיין פאטער האט פאר מיר מיט שווערע מיה געפונען א דזשאב.

— איך האב געארבייט צוויי מאנאטען, ביז א „פריינר" האט מיין באס דערצעהלט וועגען מיין פערגאנגענהייט.

— שפעטער — דריי אנדערע דזשאבס, מיט'ן זעלבען רעזולטאט. דאן עטליכע מאנאטען אהן ארבייט און אהן געלד.

— איך האב זיך בעגעגענט מיט חברים פון זעלבען „רעפארמעטארי". זיי האבען געלאכט פון מיין „עהרליכקייט", זיי זיינען שוין געווען „פולע גרעדוואייטס".

— פאר דעם נעקסטען פערברעכען בין איך אוועק אין פעניטענשערי. נאכדעם אין סינג־סינג אויף עטליכע יאהר. איך בין שוין געווען א „פאלשטענדיגער" גנב.

— פון סינג־סינג בין איך ארויס שטארק געבראכען אין גייסט.

— און דא איז דער בעשולדיגענדער אויסדרוק געביטען געווארען אויף אן ערנסטען, פול מיט רחמנות צו זיך אליין.

— איך האב פערמאגט צעהן דאלאר, די פערדיענסט פון עטליכע יאהר פריזאן־ארבייט. איך האב איינגעזעהן דאס א לעבען פון פערברעכען בעצאהלט זיך ניט און איך האב בעשלאסען צו זיין גוט.

— איך בין אוועק צו א שוועסטער, יענע וואס האט מיך נאך ניט אוועקגעשטויסען פון זיך. זי האט געהאט צוויי קליינע מיידעלעך. זיי האבען מיך שטארק ליעב געהאט און איך האב אזוי געוואלט זיין א „גוטער אנקעל" — און זיינע שטרענגע אויגען זיינען דא צום ערשטען מאל געווארען אביסעל ווייכער.

— יעצט האב איך געוואלט זיין אמת גוט, אבער עס זיינען דא אויף דער וועלט דעטעקטיווס, א מיטעל צו העלפען פאבריצירען פערברעכער — און דא האט ער ווידער ביטער געלאכט.

— איינער האט זיך נאך מיר געיאגט און ער האט מיך פערשיקט פאר א פערברעכען, וואס איך האב נ י ט בעגאנגען.

— ווען איך בין נאך עטליכע יאהר ארויסגעקומען פון פריזאן,

האב איך געגעמבעלט און געארבייט, ווען ס'האט זיך געטראפען א גוטער מענש וואס האט מיר געגעבען א דזשאב.

— ווען איך בין געווען געבראכען, האב איך גע'גנב'עט. איך בעריהם זיך דא ניט מיט דעם. קיינעם טהוט ניט אזוי לייד דער־רויף ווי מיר!

ער האט גערעדט אין אן איבערציינענדען טאן. ער האט דער־צעהלט וועגען פיעלע פערברעכענס, וואס ער האט בעגאנגען און וועגען זעהר פיעלע וואס ער האט נ י ט בעגאנגען און מען האט איהם פערשיקט פאר זיי, ווייל מען האט ניט געכאפט דעם אמת'ן גנב.

לאנג, לאנג האט ער גערעדט און אלץ וואס ער האט דערצעהלט איז געווען א שרעקליכע אנקלאגע געגען דער געזעלשאפט און מען האט לייכט געקענט זעהן פון די אויסדריקע אויף די פנים'ער פון די דזשוראָרס, אז זיי גלויבען איהם און האבען מיטלייד מיט איהם.

זיי האבען זיך ניט בעראטהען קיין דריי מינוט ווען זיי זיינען אריינגעקומען מיט דעם אורטייל:

„ניט שולדיג" — האבען זיי געזאגט מיט אראבגעלאזענע אויגען.



# די קאַקעטקע.



ר איז געווען אנגעקלאַגט אין מארד ערשטען גראד. זיין געקרייזעלטער קאָפּ איז טיעף אראבגעהאנגען אויף זיין ברוסט און זיינע צארטע כמעט ווייב־ליכע הענט זיינען מאַכטלאָז געלעגען אויף דעם טיש. פון דער נאָהענט האָט מען לייכט געקאָנט בעמערקען, אז זיי ציטערען.

זיינע אויגען זיינען געווען אראבגעלאָזען, און יעדע ווײַלע האָ־בען זיי בגנבה געקוקט אויף דעם בערגעל זאכען, וואָס זיינען געלע־גען אויף דעם צווייטען טיש, נעבען דיסטריקט אטוירני.

אָט דאָס בערגעל איז בעשטאַנען פון שטומע בעווייזען געגען איהם. יעדע זאַך האָט דערצעהלט וועגען דער בלוטיגער טראגעדיע פאר וועלכער ער ווערט איצט פּראָצעסירט. דאָס העמד מיט די גרויסע שווארצע בלוט־פלעקען — איז געווען זיינס, מיט זיין נאָ־מען אויסגענעהט אויף אַן ארבעל; אַ פּאָר גרויסע האנד־שוה, מיט צוויי בלוט־פערפלעקטע פינגער — זיינען געווען זיינע. אַ צוריסע־נער שניפּס און אַ רעוואָלווער, פון וועלכען עס האָבען געפעהלט צוויי קוילען — אויך זיינע.

ניט ווייט פון איהם, רעכטס איז זי געזעסען — זיין פרוי. פון איהר שעהן פּנים האָבען ארויסגעלויכטען איהרע וויאָלעט־בלויע אויגען. לאַשצענדע, גרויסע, זיסע אויגען, וועלכע זיינען שטענדיג פערנומען. ווי אַ לייכט פויגעלע פליהען זיי ארום אין געריכטס־זאַל. אָט שטעלען זיי זיך אָב אויף דעם ערנסטען אלטען ריכטער, קוקען אויף איהם מיט געבעט, מיט רחמנות. שנעל־שנעל לויפען זיי פון איין דזשוראָר צום צווייטען. אויף די יונגע דזשוראָרס קוקען די שעהנע אויגען און רייצען אָט לאַשצענדיג און אָט ארייכ־

רופאדערענדיג. ווי זיי וואלטען געזאגט: „איהר וועט ניט וואגען מיר צו ענטזאגען". בעגעגענט זי די ברוינע פעראומערטע אויגען פון איהר מאן, ווערען איהרע וויאלעט־בלויע אויגען ווי פערלאשען. פערשעהמט, מיט א טיעפען זיפץ, קוקט זי דאן אויף איהרע פיס.

קיין עדות וואס זאל האבען מיט די אייגענע אויגען געזעהן, דאס פערברעכען, איז ניטא. עס זיינען אבער דא א סך עדות, וואס האבען געהערט, ווי דער אנגעקלאגטער מיט דעם פערשטארבענעם האבען זיך געקריעגט און ווי דער אנגעקלאגטער האט געסטראשעט צו הרג'ענען דעם פערשטארבענעם, אויב ער וועט ניט אויפהערען צו בעזוכען זיין פרוי.

און אז די עדות דערצעהלען וועגען דעם, שפיעלט זיך די יונגע פרוי מיט איהרע ווייסע האנד־שוה, און איהרע אויגען שמייכלען צו די דזשורארס.

דער הויפט־עדות איז א הויכער, זעהר דארער יונגער מאן, מיט קליינינקע שטעכעדיגע אויגען און מיט העל־רויטע האר. אויף זיין פנים איז א פרעכער, פער'עקשנ'טער אויסדרוק. ער רעדט הויך, עס הערט זיך ווי א ווידער־קול, אזוי ווי די הויכע געריכטס־ווענט וואלטען איהם נאכגערעדט.

— איך האב איהם יענעם אבענד בעגעגענט ניט ווייט פון אונזער הויז, איך האב צוזאמען געוואוינט מיט דעם פערשטארבענעם. וואס לויפסטו אזוי? האב איך איהם געפרעגט.

— וועמען? — האט געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— דעם אנגעקלאגטען האב איך בעגעגענט, און ער האט אויפגערעגט געענטפערט: „איך האב איהם ערשט דער'הרג'עט!". „וועמען?" האב איך געפרעגט. „הערי'ן", האט ער געענטפערט. „וואס וועסטו איצט מהאן?", האב איך ווייטער געפרעגט, ניט גלויבענדיג איהם. „איך מוז האבען „נאַראַדזשען", א סך „נאראדזשען" — איך מוז אבוואשען מיינע הענט, זיי שמעקען פון פולווער!", האט ער געזאגט און איז ווייטער געלאפען.

„וואס האט איהר געטהאן?"

„איך? (מיט א שמייכעל) איך האב געצויגען די פלייצעס און

געטראכט, אז ער איז משוגע. איך בין אוועק אהיים און געטראַכטן הערי'ן טויט".

„ווייטער?"

„איך בין אוועק מיט אַ פּאָליסמאַן צו איהם אהיים, און ער איז געשטאַנען און זיך געוואַשען די הענט מיט נאַראַדושען זאַפּט. אַזאַ גולם! און די בלוטיגע זאַכען זיינען געלעגען אויף אַ שטוהל נעבען איהם! און זי, די מאדאם (אָנגעווייזענדיג מיט אַ פינגער אויף דער שעהנער פרוי), צוליעב וועמעס אויגען הערי ליגט איצט אין דער ערד, זי איז געשטאַנען און זיך געפּוצט די נעגעל! איהר הערט? זיך געפּוצט די נעגעל, ווען דער געליעבטער איז געלעגען אַ טויטער און דער מאַן אַרעסטירט!"

די יונגע פרוי האָט אַראָבגעצויגען דעם שלייער איבער איהר פּנים און אוועקגעקעהרט דעם קאָפּ צום פענסטער, אויסמיידענדיג די נייגעריגע בליקען פון די אנוועזענדע.

דער אָנעקלאַגטער האָט שטייפער צוזאַמענגעצויגען זיינע אקסלען. אַ געלע בלאַסקייט האָט זיך פערשפּרייט אויף זיין מאַגער געזיכט. דער קאָפּ איז טיעפער אַראָבגעזונקען.

שפּעטער, אויף דעם עדות־שטוהל האָט איהם דער דיסטריקט אַטוירני בעגריסט מיט די בלוטיגע עדות.

„יאָ, זיי זיינען מיינע", האָט ער שטיל געענטפערט. ער האָט ניט געלייקענט, אז ער האָט דעם פערשטאָרבענעם דערשאָסען. „ער האָט זיך מיט מיר געריצט, ער האָט געלאַכט און געטראַטען אויף דער הייליגקייט פון מיין פאַמיליע, האָב איך איהם דערשאָסען" האָט ער געלאַסען געענטפערט.

און ווען דער דיסטריקט אַטוירני האָט גענומען אריינדרינגען טיעפער אין די פערהעלטניסען פון זיין פרוי מיט אַנדערע מענער און, קוקענדיג איהם גלייך אין פּנים, געפרעגט: „האָט איהר דען ניט געוואוסט, אז אייער פרוי קאָקעטירט אויך מיט אַנדערע? — האָט ער, פערבייסענדיג די ליפּען, געענטפערט: „זי איז מיין, מיין פרוי!"

אין פערלויף פון דעם פראָצעס האָט ער זיך שווער געמיהט ניט צוצולאָזען קיין שום בעווייזען, וואָס זאָלען בעפלעקען דער פרוי'ס כאראקטער.

און ווען די דזשורי האָט איהם געפונען שולדיג אין מאָרד צווייטען גראד, האָט זי אויסגעשטרעקט א ווייסע האַנט מיט גלאַנ־ציגע נעגעל צו איהם. איהרע אויגען האָבען געשמייכעלט, געלאַש־צעט, ניט פערשפּרעכענדיג קיין זאַך...



# די מוטער און קינדער.



י מוטער און פיער קינדער זיינען געקומען אין געריכט יום־טוב'דיג געקליידעט; דער אויסדרוק אויף זיי־ערע פנים'ער האט געצייגט ווי זיי וואלטען געקומען צו עפעס א שמחה.

מיט צופריעדענהייט, זאגאר מיט פרייד, האבען טאקע אט די פינף פערזאן אויסגעזעהן אזוי נישט אם פלאץ אין דער געביידע, וואו מען זעהט געוועהנליך בלויז בעטריעבטע פנים'ער און צובראכענע הערצער...

געקומען זיינען די קינדער צו דעם פראצעס פון זייער פאטער, א „ביגאמיסט". און אלע פיער צוזאמען מיט זייער מוטער, האבען זיך אוועקגעזעצט אויף א פאדערשטער באנק און געקוקט אויף דעם אנגעקלאגטען.

ער, א קליינער, זעהר מיאוס'ער מענשעלע מיט אן אמת אפישען פנים, פון וועלכען עס האבען ארויסגעקוקט זעהר קליינע, בייזע אויי־געלעך, האט א לייכטען ציטער געטהאן, ווען זיי זיינען אריינגע־קומען, און שנעל געגומען רעדען מיט זיין לאיער.

די קינדער זיינען אלע געווען שעהנע, אזוי ווי די מאמע, וועל־כע האט געהאט אן אנגענעהם פנים, כאטש עס איז געווען בערעקט מיט פיעל פריהצייטיגע קנייטשען.

דאס מיאוס'ע מענשעלע האט זיך ווידער אומגעקעהרט, זיינע קליינע אויגעלעך האבען געקוקט אויף זיין פאמיליע „נומער איינס", וועלכע האבען זיין בליק בעגעגענט מיט פינף פאר שעהנע, אבער טראציגע אויגען.

לאנג האבען זיי געקוקט אויף איהם. אויף זיין געלען דער־

שראקענעם פנים האט זיך לאנגזאם פערשפרייט א הינקעלע רויטי־קייט, וועלכעס האט ביסלעכווייז ארומגעוואנדערט אויף זיין קורצע, דיקען האלז און ער האט א לייכטען ציה געטהאן מיט די פליי־צעס, און זיך אבגעקעהרט פון זיי.

„זיי" האבען נאך לאנג געקוקט, דאן האבען זייערע אויגען אינסטינקטיוו געגומען ארומוואנדערען איבער'ן קאורט־רום, און פלוצלונג זיינען זיי אלע שטארק בלאס געווארען, און אלע האבען געקוקט מיט האס אין איין ווינקעל, וואו עס איז געזעסען א שטארק פערפוצטע יונגע פרוי מיט א קליין אינגעלע ביים האנט.

דער ערשטער עדות איז געוועזן די מיטעלייעריגע פרוי, מיט די קנייטשען אויפ'ן פנים, זי איז געוועזן שטארק איבערגעשראקען, און ווען מען האט איהר איינגעשווארען, האט זי אויפגעהויבען ביידע הענד און אויף אידיש עטליכע מאל איבערגע'חזר'ט: „איך וועל זאגען דעם אמת, איך וועל זאגען דעם ריינעם אמת".

שטיל, קוקענדיג אויף איהרע קינדער, האט זי געענטפערט אויף די פראגעס פון דיסטריקט אטוירני.

זי איז פערהייראט אכט און צוואנציג יאהר, האט פינף קינ־דער און האט געלעבט צופריעדען מיט איהר מאן, ביז — און דא האט זי זיך אבגעשטעלט פערבייסענדיג די ליפען, האט זי לאנג געקוקט אויף דעם אנגעקלאגטען, וועלכער האט מיט א ביטרען שמייכעל אויף זיין מיאוס'ען פנים גערעדט צו זיין אדוואקאט.

ווידער האבען איהרע אויגען אומגעוואנדערט אין יענעם ווינ־קעל, וואו עס איז געזעסען די פערפוצטע יונגע פרוי מיט דעם אינ־געלע, און לאנגזאם האבען זיך די בעטריבטע, שעהנע אויגען אנ־געפילט מיט טרעהרען און די קינדער, די צוויי דערוואקסענע יונגע לייט, אזוי גוט ווי די מיידלעך האבען געענטפערט מיט זייערע שעה־נע פייכטע אויגען...

ווייטער איז איהר שווער געוועזן צו דערצעהלען. מיט אן אראב־געלאזענעם קאפ, א פערשעהמטע, האט זי גערעדט, מיט א געבראכענער שטימע, אין איהר טאן האט געפעהלט דער כעס און דין פעראכטונג, מיט וועלכער פרויען אונטער עהנליכע אומשטענדען

ריידען. ניט מיט האַס, נאָר מיט שרעקליכע ליידען האָט זי גערעדט.

— ווען מיר זיינען אהער געקומען זיינען נאָך די קינדער געווען גאַנץ קליין, דאָס הייסט די עלטערע דריי. ווען דאָס איינגסטע איז געבוירען געוואָרען, זיינען מיר געווען אין אַ שרעקליכע לאַגע; גרינע, ער האָט נאָך קיין בעשעפטיגונג ניט געהאַט; מיר האָבען געלעבט פון מיין ארבייט. איך בין געווען אַ שייטעל־מאַכערין.

— ווען דאָס קינד איז ערשט פיער טאָג אַלט געווען, האָב איך אונטער אַ פערשלאָסענער טהיר געקאַכט פרעמדע שייטלען. איך האָב מורא געהאַט פאַר אַ גוט אויג, האָב איך געהייסען פערשליסען די טהיר. מיינע הענט האָבען שרעקליך געציטערט, אין אַ שפּיגעל האָב איך מורא געהאַט צו קוקען... אָבער די קינדער האָבען דאָך געמוזט עסען, איך האָב זיך גענויטיגט אין די קוואָרטערס, וואָס איך האָב בעקומען פאַר פערקעמען די שייטלען.

זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויף די קינדער, און מיט אַביסעל מעהר מוטה פאָרטגעזעצט:

— אָבער איך האָב אַלץ געטהאָן מיט פערגעניגען, די קינדער זיינען געווען שעהנע און זעהר גוטע. אַ לאַנגע, לאַנגע צייט האָט מיר גענומען ביז איך האָב מיין מאַן אויסגעלערענט אַביסעל מיין ארבייט, אָבער ער האָט דאָס ניט געגליכען: „ווייבערשע ארבייט“ — האָט ער זיך געקרימט דערויף.

— צובּיסלעך האָבען מיר זיך ארויפגעארבייט צו אַ סטאָרקע, אין ווען די אינגלעך זיינען אונטערגעוואקסען און האָבען גענומען ארבייטען. האָבען מיר געעפענט אַ קליינעם שאַפּ.

— שפּעטער זיינען שטאַרק מאָדערן געוואָרען פאַלשע האָר און מיר האָבען גענומען פערדיענען געלט. אין גאָר אַ קורצער צייט זיינען מיר געוואָרען רייך. ס'איז אמת, מיר האָבען אַלע שווער געארבייט ביז שפּעט, שפּעט אין דער נאַכט, און ווען געלט איז געקומען, האָבען מיר גאָר ניט געוואוסט ווי עס צו געניסען.

און דאַ האָט זיך גאָר אַ לייכטער שמייכעל בעוויזען אויף איהרע ליפּען, אָבער דער שמייכעל איז באַלד פערשוואונדען; די אויגען

האבען ווידער געוואנדערט אין י ע נ ע ם ווינקעל, און דער בעטריעבטער אויסדרוק האט זיך בעוויזען.

— ס'איז ניט לייכט צו רעדען פון יענע צייטען — האט זי פארטגעזעצט מיט א זיפץ — איך פרואוו דאס פערגעסען, די קינדער לערן איך, זיי זאלען אויך פערגעסען.

— ווען זי איז צו אונז געקומען אלס דיענסט, זיינען מיר זעלטען געוועזן אין הויז. מיר האבען זי בעהאנדעלט ווי אן איי־גענע, ווייל מיר האבען נאך ניט פערגעסען, ווי מיר האבען געלי־טען, און זי האט אונזער גוטסקייט בעצאהלט מיט — און א צור־בראכענע האט מען זי אראבגעפיהרט פון וויטנעס־סטענד.

אנדערע עדות האבען דערצעהלט, ווי ער האט מיט דער דיענסט־מיידעל געהייראט, ניט זייענדיג געשיעדען פון זיין ערשטער פרוי.

ער האט געלייקענט און מרס. נומער צוויי האט געלייקענט. זיי וואוינען „נאר אזוי", האבען זיי ערקלעהרט.

די דזשורי האט איהם געפונען שולדיג און ווען דער ריכטער האט איהם פערשיקט אויף פיער יאהר, איז דער שמייכעל פון די קינדער'ס פנים'ער פערשוואונדען און די מוטער האט ביטער גע־וויינט...



# זיין דיפּלאָם.



ז ער איז געוואָרען אַ מיטגליעד פון דעם גענגסטער־קאָלעדזש, איז ער געווען זעהר גליקליך, ווייל דאָס איז איהם זעהר שווער אָנגעקומען, און ער האָט גע־דאַרפט בעווייזען אַ סך וואָיל־יונגערישע שטיק ביז זיי האָבען איהם אריינגענומען.

און איצט איז ער פּראָצעסירט געוואָרען פאר מאָרד ערשטען גראַד. דאָס האָט ער געמוזט געבען דעם שטאַרקסטען בעוויז, אַז ער איז ווערטה דעם דיפּלאָם.

און רעדען וועגען דעם האָט ער ניט געוואָלט. שטום איז ער געזעסען צווישען זיינע אדוואָקאטען און זיך צוגעהערט צו די שרעק־ליכע בעווייזע געגען איהם.

אַ יונגער מאַן, אויך אַ גענגסטער, איז ערמאָרדעט געוואָרען. יענער איז געווען אַ פיהרער פון אַ גרויסען „געננ“, אַ נעגנערישען „געננ“, און יענעמס חברים און אנהענגער זיינען איצט געווען די עדות.

דער יונגער אָנגעקלאָגטער, וועמעס צונאָמען איז געווען „רעדי“ צוליעב זיינע קורצע, געדיכטע רויטע האָר, איז געווען זעהר יונג. זיין פּנים עדעל, ניט ווי דער פּנים פון אַ גענגסטער, די אויגען טיעף שוואַרצע, און די געזיכטציגע רעגעלמעסיג, אַ חוץ עטליכע זעהר שטרענגע ליניען ארום זיין יונגען מויל, איז דער פּנים געווען גאַנץ סימפּאַטיש.

פעסט פערמאַכט זיינען געווען זיינע ליפּען אין די ערשטע טעג פון זיין פּראָצעס.

עטליכע מאָל אַ טאָג איז אַן עלטערער איד, מיט אַן אייזען־גרוי

בערדעל צוגעטראָטען צו דער פאַרענטשע, אַ קלאַפּ געטהאָן איהם אין פּלייצע, און איהם דערלאַנגט אַ צעטעלע.

נאָך דעם פלעגט דער איד צוריקגעהן אויף די שפּיץ פינגער, זיך אַוועקזעצען נעבען דער שעהנער, פעטער אידענע, טרויעריג שאָקלען מיט דעם קאָפּ און קיווען, קוקען אויף די גראָדע אַקסלען פון זייער זוהן, דעם גענגסטער.

און ער פלעגט אַרויסשטרעקען אַ ווייסע האַנט איבער'ן איבעל, צונעהמען דאָס צעטעלע, אַפּילו ניט איין קוק טהאָן אויף זיין פאָטער. דאָס ווייסע בריוועלע האָט ער ניט געלעזען, געהאַלטען עס צווישען די פינגער, געדרעהט עס, געשפּיעלט זיך דערמיט, ביז דער פאָטער האָט דערלאַנגט אַ צווייטעס. דאַן האָט ער דאָס ערשטע שטיקעל פּאַפּיער צוריסען אויף שטיקלאַך, עס ניט געלעזען, די שטיקלאַך אַוועקגעוואָרפען אונטער דעם טיש, און זיך געשפּיעלט מיט דעם נייעם.

דער אַלטער פאָטער איז געוואָרען מעהר און מעהר פערצווייפעלט, זיין פּנים איז געוואָרען מעהר געקנייטשט, און דער מאַמעס זיפצען זיינען געוואָרען אַזוי הויך, אַז מען האָט זיי געקענט הערען אַפּילו ביי אונזער טיש.

דער פאָטער האָט בעמערקט, אַז זיין זוהן'ס פרעכע גלייכגילטיגקייט איז בעמערקט געוואָרען פון די ערנסטע צוועלף דזשורי־לייט, און, שרעקענדיג זיך פאַר אַ שלעכטען איינדרוק, האָט ער אויפגעהערט צו שרייבען די צעטעלאַך און צו צוגעהן מיט זיינע שווערע מידע טריט, צוטראָגענדיג די ווייסע שטיקעלעך פּאַפּיער.

אָבער זיין פּנים האָט נאָך אַלץ אויסגעדריקט דאָס מיעסע געבעט וואָס איז געווען אין די ווייסע צעטעלעך.

און דאָס געבעט איז געווען, אַז דער איינגעל זאָל רעדען, אַז ער זאָל דערצעהלען ווער זיינע חברים זיינען, ווער זיינען די וואָס האָבען איהם געהייסען בעגעהן דעם שרעקליכען מאָרד.

דערוואוסט האָב איך זיך וועגען דעם פון דעם פערצווייפעלטען פאָטער: „ווען ער זאָל רעדען, ווען ער זאָל דערצעהלען, וואָלט

זיין שטראָף אפשר ניט געווען אזוי שווער", האָט דער אלטער גע־קרעכצט.

און ארויסגעוויזען האָט זיך פון די בעווייזע, אז דער „געננ", פון וועלכען דער ערמאָרדעטער איז געווען דער פיהרער, האָט „בע־שיצט" אַ געוויסען טאנץ־זאַל, פון יענע טאַנץ־זאַלען וואָס נוי־טיגען זיך אין אזעלכע „שיצער" און אַז די פיהרער פון „רעדי'ס" גענג האָט געוואָלט יענע פערדיענסטען פאר זיך, און אזוי איז דער מאָרד בעגאַנגען געוואָרען צוליעב ריינע „ביזנעס"־מאָטיווען.

זעהר שלעכט זיינען געווען די אויסזיכטען פאר דעם רויטען יונגען מאַן, און דאָך זיינען די ליפען געבליבען ווי פערזיגעלט.

ענדליך דעם פערטען טאָג, ווען דער עלפטער עדות האָט דער־צעהלט, אז ער האָט געזעהן דעם אָנגעקלאָגטען צוויי שפאַן נאָהענט פון דעם דערשאָסענעם, און אז ער, „רעדי", האָט געהאט אַ רע־וואָלווער אין האַנט, האָט ער זיך צוגעבויגען צו איינעם פון זיינע אדוואָקאַטען און אריינגעשעפּטשעט עטליכע ווערטער אין זיין אויער.

דער נעקסטער עדות איז געווען אַ סטענאָגראַפיסט, וועלכער האָט פאָרגעלעזען די לעצטע ווערטער פון דעם אָנגעקלאָגטען, אין וועלכען ער האָט געשוואָרען עטליכע מינוט פאר זיין טויט, אז „רעדי" האָט איהם געשאָסען.

דער ציבראָכענער פאָטער האָט אויפגעדעקט זיינע אויגען, וועל־כע ער האָט שטונדען לאנג געהאַלטען צוגעמאַכט, ער האָט ארויסגענע־נומען אַ בלייפעדער פון טאַש, פון אַ צווייטען טאַש אַ שטיקעל צו־קנייטשט ווייס פּאַפּיער, עס אוועקגעלעגט אויף אַ קניע, און מיט אַ ציטערענדער האַנט אנגעשריבען עטליכע ווערטער. דאַן האָט ער זיך שווער אויפגעהויבען, צוגעגאַנגען צום זוהן, אָנגעקלאַפּט אָן די גראָרע פלייצעס, און צום ערשטען מאָל פאר די אַלע טעג, האָט דער יונגער זוהן געקוקט אויף זיין טאַטען.

זיין פּנים איז געוואָרען שמאַרק בלאַס, און שנעל האָט ער צו־גענומען דאָס צעטעלע.

און צעהן מינוטען נאָך דעם ווי ער האָט עס איבערגעלעזען, האָט ער זיך ערקלעהרט „שולדיג".

אנדערש איז געוועזען זיין פּנים, ווען ער איז ארויף אויף העם עדות־שטוהל, כדי זיך צו פערטיידיגען. געפעהלט האָט דער וואויל־יונגערישער אויסדרוק, דאָס געוועהנליך ווייסע געזיכט איז געוועזען נאָך ווייסער. טויטליך ווייס, און די ליפּען בלאַס, די הענט האָבען געציטערט און די אויגען האָבען געזוכט די פון דער מוטער, אָבער זי האָט איהם ניט געזעהן, זי האָט געקוקט צו גאָט און איז הארצען מתפלל געווען פאר איהר קינד.

און ער האָט דערצעהלט, דערצעהלט וועגען זיין שלעכטער אויפ־פיהרונג אין שוהל, וועגען זיין ניט וועלען זיך לערנען, ווי זיינע אַנדערע ברידער, און ענדליך וועגען זיין חבר'ן זיך מיט די שלעכטע יונגען פון בלאָק, וועגען זיין בעקאנשאַפט מיט דעם גענג, וועגען זיינע שוועריגקייטען ביז ער איז אהין אנגעקומען.

— און דאַן? — האָט געפרעגט דער ריכטער.

— און דאַן האָב איך געוואָלט זיין אזוי ווי זיי. כ'האָב אויך געוואָלט ציינען, אז איך קען אויפטהאָן העלדענטהאַטען, אז איך האָב פאר קיין זאך ניט מורא, אָבער זיי האָבען פון מיר געלאַכט. איך קום, האָבען זיי געזאָגט, פון אַ צו עהרליכען „סטאַק" און איך וועל ניט קענען זיין קיין גענגסטער. דאָס האָט אויפגעקאָכט מיין בלוט, כ'וואָלט דאַן געקענט טהאָן דאָס ערגסטע, אבי זיי צו ציינען, אז איך בין ניט קיין פייגלינג.

— און ווי אזוי האָט איהר געצייגט?

— ערשטענס האָט מען מיך געלערענט שיסען, און דאַן האָט מען מיך געלערענט אַנדערע זאַכען.

— וואָס, צום ביישפּיעל? — האָט געפרעגט דער ריכטער.

— ווי צו זיין אַ „לוק אוט", ווי צו אנטלויפען, ווען די פּאָ־ליציי קומט. דאַן איז געקומען דער לעצטער פּרוב: כדי צו זיין אַ ריכטיגער גענגסטער מוז מען האָבען גענוג קוראַזש צו געהן און שיסען אַ מענשען, ווען מען שיקט.

— און מען האָט איך געשיקט?

— יאָ. עס איז געקומען מיין צייט, איך האָב געמוזט געהן אָדער פערלירען מיין רעכט צו זיין אַ מיטגליעד צווישען זיי.

— איהר האָט ניט געוואָלט געהן? — האָט ווייטער געפרעגט דער דזשאַדזש.

— יאָ. כ'האָב יאָ געוואָלט געהן, כ'האָב זיי געוואָלט צייגען, אַז איך בין גלייך מיט זיי, — איז געקומען דער קאַלטער ענטפער.

און זיין מאַמע האָט הויך אַ קרעכץ געטהאָן.

און שפּעטער, אַז ער איז פעראורטיילט געוואָרען צו פופצעהן יאָהר שווערע ארבייט אין געפענגניש, זיינען זיינע עלטערן געוועזען איבערגליקליך.

דער פאָטער האָט געזאָגט: — כ'האָב נאָר געוואָלט איהם ראַטעווען פון עלעקטריק טשער!

און די מוטער האָט געזאָגט: — „גם זו לטובה, ס'האָט געקענט זיין ערגער", איצט איז ער ניינצעהן, אַז ער וועט ארויסקומען וועט ער זיין פיער און דרייסיג, גענוג יונג צו פיהרען אַן אנשטענדיג לעבען...

אַט אַזוי טרייסטען זיך מוטערס...



# ראבע.



יט דעם אויסדרוק פון אַ הונט וועלכער איז גרייט מיט זאָל איהם שמייסען, איז זי געשטאַנען פאַר דעם ריכטער. אין איהרע אויגען איז געווען אויסגעלאַשען יעדער פונק פון האָפנונג.

די האַנד, מיט וועלכער זי האָט זיך אָנגעהאַלטען אָן דער פּאַרענטשע, וואָס טיילט אָב דעם אָנגעקלאַגטען פון ריכטער, איז געווען רויט, צוברענט פון אונטער דער דינער נייער הויט האָבען ארויסגעשפּאַרט בלאַהע דיקע אָדערען. די צווייטע האַנד איז מיעד געהאַנגען ביי דער זייט פון איהר שווערען קערפּער.

דער קאָפּ, מיט קורצע, פערכמאַריעטע האָר איז אראָבגעהאַנגען אויף איהר הויכער ברוסט אַזוי, אַז דער רויטער צוברענטער קין האָט בעריהרט די בלאַהע יאַקע. ס'האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען דער שטאַרקער קאַנטראַסט: איבער'ן קין איז דער פּנים געווען קלאָר אַ חוץ אַ צוברענטער פלעק אויף איין זייט באַק.

דער פּנים איז געווען סימפּאַטיש, די רויהע צוברענטע האַנדען האָבען ארויסגערופען רחמנות.

די קלאַגע געגען איהר איז אַ שווערע: אַ פלעשעל „וויטראָיל" האָט זי געוואָרפען צווישען די אויגען פון איהר פאַלשען געליעבטען צוברענענדיג זיין פּנים,ביידע אייערען און ביידע הענד. אָבער די אויגען זיינען געבליבען אונבעריהרט. ער האָט זי אָבגעשטופּט און זי האָט זיך אליין צוברענט.

דער מיידעל'ס אדוואָקאַט, אַן אונערפאַהרענער, זאָגט איהר עפּעס אויפ'ן אויער. גלייכגילטיג שאָקעלט זי מיט'ן קאָפּ אויף „יאָ".

באַלד הערט זיך דעם יונגען לאָיער'ס שטאַרקע שטימע: מיין קליענטין וועט זיך ערקלעהרען שולדיג.

אויף די פאָרמעלע פראגען פון געריכטס־קלוירק ענטפערט זי מיט אַ שטילען נאַכלעסיגען טאָן.

מיט אַ שטרענגער, שטורעמדיגער שטימע ערקלעהרט דער אַלטער ריכטער פאָלגענדעס: — איך בין גענייגט צו זיין זעהר שטרענג צו אייך, יונגע פרוי. אַזעלכע פערברעכענס ווי איהר האָט בעגאַנגען, דארפען ניט ערמוטהיגט ווערען.

אויף אַ סעקונדע ווערט דער מיידעל'ס גאַנצער פנים פערלאָפען מיט אַ דונקעל רויטער פארב, איהרע אויגען צינדען זיך אָן מיט אַ שרעקליכען כעס, אָבער בלויז אויף אַ סעקונדע. באַלד ווערט זי ווידער בלאַס, און איראָנישער שמייכעל בעוויזט זיך אויף איהרע דינע ליפען און שטיל פרעגט זי: און אַזעלכע פערברעכענס ווי ער האָט בעגאַנגען, דארפען יע פערשוויגען ווערען? — און זי ווייזט אָן אויף דעם צוברעכטען קלעגער.

— ניין, אָבער איהר האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו נעהמען דאָס געזעץ אין אייערע הענד — האָט געדולדיג געענטפערט דער ריכטער.

— רעכט אדער אונרעכט, ווער קען טראַכטען וועגען אַזעלכעס, ווען דאָס הארץ שפרינגט ארויס פון פערדרוס? ווען די גאַנצע שאַנדע ליגט אויפ'ן פנים, און דאָס הארץ ווערט צוריסען פון וועהטאָג. גלויבט מיר, אז אין אַזאַ צייט ווערט אַ מיידעל צוריסען פון פערצווייפלונג און שרעק! שרעק פאר דער געגענווארט, שרעק פאר דער צוקונפט. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט פאר דעם נאָך ניט געבוירענעם קינד וואָס וועל איך איהם ענטפערען ווען עס וועט מיך פרעגען וועגען אַ טאַטען?!

— דענקט איהר ניט, אז איהר זייט אויך שולדיג אין אייער אונגליק? — האָט שטיל געפרעגט דער ריכטער.

— געוויס. געוויס, — האָט דאָס מיידעל אויפגערעגט געענטפערט, קראַמפּהאַפט פערקלעמענדיג מיט איהרע לאַנגע דארע פינגער די רויהע צוברענטע הענד — שטאַרק שולדיג, איך האָב זיך

גענוג צוליעב דעם. די ערגסטע נעמען האָב איך זיך געוואָרפען אין פנים, זינט דאס האָט פאסירט. איך קען אויף זיך אין שפּיגעל ניט קוקען אהן א שפיי! ס'איז אמת, איך האָב עס געטהאָן, ווייל איך האָב איהם ליעב געהאט און געגלויבט, אָבער ווי איז מען דאָס אזא נאר? ! די לעצטע פראגע האָט זי געפרעגט קוקענדיג אויף דעם ריכטער אזוי, ווי ער וואָלט געווען שולדיג אין איהר אונגליק.

ניט ווייט פון דער גערעכטיגקייטס־באַנק האָט זיך א יונגע פרוי אויפגעהויבען צוגעגאנגען צום ריכטער, שטיל גערעדט מיט איהם עטליכע סעקונדען און באלד זיך ווידער אוועקגעזעצט.

— מיסס לאָרבער דערצעהלט מיר, אז איהר האָט געפיהרט זעהר אן אנשטענדיגען לעבען, איידער איהר האָט זיך מיט דעם קלעגער בעגעגענט. האָט ער אייך פערשפּראָכען צו הייראטען? — האָט געפרעגט דער ריכטער.

— פערשפּראָכען! וואָס האָט ער ניט פערשפּראָכען? כ'האָב דאן ניט געוואוסט, אז ער איז א ליגנער. איך האָב ערשט אָנגע־פאנגען אויסצוגעפינען, ווען ער האָט גענומען זוכען פעהלערן אין מיין ארבייט. ער איז דער פאָרמאַן פון שאפ, וואו איך האָב גע־אַרבייט. אזוי ווי ער האָט זיך נאָר דערוואוסט וועגען מיין לאגע, איז ער געוואָרען קעלטער. וועגען התונה האָבען האָט ער ניט גע־וואָלט הערען. ווען די אנדערע האָבען אָנגעהויבען צו בעכערקען און זיך סוד'ען וועגען מיר, האָט ער גענומען זוכען אויסריידען ווי מיך פון שאפ ארויסצוזאָגען. דאן האָט ער אָנגעהויבען אהיים פיהרען די דיקע שווארצע מיידעל, די, מיט די לאַכעדיגע אויגען, וואָס האָט מיך מעהר ווי אלע געטאדעלט. אז ער האָט אויף מיר געקוקט, האב איך נאָר געוואָלט ער זאָל בלינד ווערען. ס'איז מיר געווען אזוי שלעכט! — די רויטע צוברענטע האנד האָט פערדעקט די אויגען, די צווייטע האנד האָט שטאַרק געציטערט.

לאנג האָט דער ריכטער געטראכט. ווען דאָס מיידעל האָט אויפגעדעקט די אויגען, האָבען זיי בעגעגענט די טרייסטענדע, גוּ־טע אויגען פון מיסס לאָרבער, וועלכע האָט ווידער גערעדט מיט דעם ריכטער.

— אין אייער צושטאַנד איז מיר שווער אייך צו פערשיקען אין אַ פּריזאָן — האָט פערטראַכט ערקלעהרט דער אַלטער ריכטער. מיסס לאַרבער, די פּראָביישאָן אָפיסער, פערשפּרעכט מיר, אז זי וועט אויף אייך אויפּפּאַסען, אז איהר זאָלט זיין גוט. ווילט איהר צוזאָגען, אז איהר וועט זיך אויפפיהרען אנשטענדיג?

דאָס ערשטע מאָל האָט אַ שטראַהל פון האָפנונג אַ שיין געטהאָן אויף דער מיידעל'ס פּנים: — איך וועל אייך אַלעס פערשפּרעכען, נאָר ראַטעוועט מיך, איך וויל ניט מיין קינד זאָל אין פּריזאָן דער־זעהן די וועלט. איך בעט אייך!

אין בײדע הענד האָט זי מיט געבעט אויסגעשטרעקט צום ריכ־טער, איין האַנד איז געווען אַ דאַרע, אַ ווייסע, די צווייטע אַ רויטע, אַ פערוואונדעטע...

און ווען דער ריכטער האָט זי בעפרייט, האָט זי פערלאָזען דעם קאורט־זאַל אין די אָרעמס פון מיסס לאַרבער, אַ שוועסטער וואָס העלפט אָנשטאָט צו טייטלען מיט די פינגער...



# אבגענארט.



ויך איז ער געווען, מיט א בלאנדע בערדעל, מיט טיעפע, בלויע אויגען, מיט דינע, רויטע ליפען, פון צווישען וועלכע עס האבען זיך ארויסגעוויזען זעהשעהנע, ווייסע צייהן, מיט א ליעבליכען שמייכעל און ער איז געווען א מערדער.

איך דערמאן זיך איצט ווי נייגעריג מיר, צייטונגס־שרייבער, האבען געוואָרט איהם צו זעהן, צו שטודירען זיינע זשעסטען, צו בעשרייבען זיין אויסזעהן.

און איצט ווערט מיר נאך קאלט, אז איך דערמאהן זיך, ווי אזוי ער האט געקוקט אויף מיר. איך האב זיך גלייכגילטיג געשניצט א בליי־פעדער און געטראכט ווי אזוי איך זאל אנפאנגען די בעשרייבונג פון דעם סענסאציאנעלען מארד פראצעס, ווען א מאדנער געפיהל האט מיך דורכגעשוידערט. איך האב געפיהלט, אז איםיצער קוקט אויף מיר מיט א דורכדרינגענדען מאדנעם בליק. און אונאנגענעהם געפיהל איז דאס געווען.

איך האב זיך ארומגעקוקט אויף מיינע נאהענטע שכנים, אבער אלע זיינען געווען שטארק פערנומען מיט זייער שרייבען. איך האב שוין באלד געוואלט לאבען פון זיך, ווען איך האב בעמערקט, אז עס זיינען די טיעף־בלויע אויגען פון דעם אנגעקלאגטען, וועלכער זיצט בלויז עטליכע שפאן פון מיר, אז דאס זיינען זיינע אויגען, וואס קוקען אויף מיר אזוי מאדנע. און איך האב זיך דערשראקען.

אן אלטער שרייבער (ער איז שוין איצט טויט), וועלכער האט ליעב געהאט זיך צו וויצלען איבער יעדער זאך, האט צו מיר שטיל

געזאָגט: „איהר זעהט ווי ער קוקט אויף אייך? אפשר וויל ער אייך אויך צושניידען אויף שטיקער?"

און איך האב לייכט אויפגעציטערט.

אַ שרעקליכער מאָרד איז דאָס געווען. דער אָנגעקלאָגטער האָט זיך געליעבט מיט אַ יונג מיידעל, און ווען יענע האָט איהם געזאָגט, אַז זי ווערט באַלד מוטער, האָט ער זי ערמאָרדעט. צושניטען איהר קערפּער אויף שטיקער, פּערניכטעט יעדען שפּור, אפילו דעם מאַט־ראַץ, און די שטיקער קערפּער אריינגעוואָרפען אין אַ טייך. און דער מערדער איז געווען אַ גלח!

און אַזוי ווי קיין שפּורען קענען ניט גענצליך פּערניכטעט ווע־רען. און אַזוי ווי דער מאָרד איז צוביסלעך אין יעדער איינצעלהייט אויפגעדעקט געוואָרען, האָט איצט דער ביטרער מערדער געזוכט די בעקוועמע פּערטהיידיגונג פון וואהנזין.

און אינטערעסאַנטע טעג זיינען יענע געווען אין דעם גרוי־סען געריכטס־זאַל.

יעדער איז געקומען זעהן דעם שעהנעם גלח. עס זיינען גע־קומען רייכע פרויען, וועלכע האָבען קיין אנדער בעשעפטיגונג ניט, ווי נאָכלויפען צו סענסאַציאָנעלע פּראָצעסען. און עס זיינען גע־קומען יענע אָרימע פרויען, וועלכע האָבען זיך ערשט מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק מתודה געווען פאַר דעם זעלבען פּריעסטער.

און ער האָט אויפגעפּאַסט, אַז עס זאָל זיי ניט זיין אומעטיג, יעדער האָט בעקומען וואָס ער האָט געזוכט.

די סענסאַציע־זוכער האָבען אויסגעהערט די פּלוידערייען פון אַ משוגענעם און אָפּט געשמייכעלט. און די ענטוישטע, וועלכע זיי־נען געקומען זעהן זייער פריהעריגען גלח, די האָט ער אויך ניט פּערגעסען. יעדע האַלבע שעה האָט ער זיך אויפגעשטעלט, צוזאַ־מענגעלעגט זיינע ווייסע הענט צו אַ געבעט, מיט זיינע בלויע אוי־גען געקוקט צום באַלקען און געמאַכט פּערשיעדענע צייכענס.

און דערווייל האָבען זיך די אדוואָקאַטען געשלאָגען פאַר זיין לעבען.

די בעווייזע פון יענעם פראצעס זיינען געווען שרעקליך: א בלוטיגער מערדער, דער מאן, וואס האט דעם מעסער געפונען, און דער מאן וואס האט איהם פערקויפט. א בלוטיגע זעגעל, א האק מעסער, א בלוטיגע קישעלע, וועלכעס די ערמארדעטע האט אליין אויסגענעהט מיט איהרע אייגענע הענט.

א דאקטאר האט דערצעהלט וועגען די שטיקער קערפער, וועגען דעם צושטאנד פון די צופוילטע גליעדער. מען האט בלויי גערעדט וועגען גליעדער, און ניט וועגען א קאפ, ווייל דער קאפ איז קיינמאל ניט געפונען געווארען.

דאן זיינען געקומען איהרע פריינד, וועלכע האבען דערקענט די צובלוטיגטע שמאטעס, אלס די קליידער פון דער ערמארדעטער.

עס איז געווען שרעקליך.

און צווישען די אלע בלוטיגע זאכען איז ער געזעסען, א רו־היגער, און געשמייכעלט צו דער ערשטוינטער וועלט.

און דאקטוירים, גרויסע וויסענשאפטס־מענער, האבען דער־צעהלט, ווי גרינדליך זיי האבען דעם אנגעקלאגטען אונטערזוכט, און ווי זיכער זיי זיינען, אז ער איז וואהנזיניג.

עס איז געווען אזוי שווער צו פערבינדען אזא שוידערליכען מארד מיט די ווייסע הענד פון דעם שעהנעם גלח, און מיט די קלאהר בלויע אויגען.

און דאך האט זיך אלץ פעסטער געשלאסען די קייטען פון בעווייזע ארום זיין ווייסען האלז.

און וואס געדיכטער עס זיינען געווארען די רינגלעך פון דער קייט, אלץ עפטער האט ער זיך אוועקגעשטעלט מיט די הענד פער־לעגט אין געבעט, און געקוקט צום באלקען.

ווען זיינע אדוואקאטען האבען איהם געשיקט צום עדות־שטוהל, אום זיך צו פערטיידיגען, האט ער געלאכט פון זיי.

און ווען מען האט איהם מיט געוואלד אוועקגעזעצט אין דעם גרויסען שטוהל, האט ער זיך בימער צואווינט, נאך דעם הויך געלאכט און באלד אבגעווישט די טרעהרען און געווארפען א קוש צו זעהר א שעהנער פרוי, וועלכע איז געזעסען ניט ווייט פון איהם.

זיינע רייד זיינען געווען צומישט, אָהן אַ זין, זיין האַלטען ווי פון אַן אמת'ן משוגענעם.

און דעריבער האָט עס די צוועלף דזשוראָרס ניט לאַנג גענו־מען אריינצוברענגען דעם אורטייל:

„וואהנזיניג!" — האבען זיי ערקלערט. ווי קען מען דען אַ משוגענעם שיקען אויף דעם עלעקטרישען טשער?

און דאן איז געקומען דער העכסט דראמאטישער מאָמענט פון דעם פּראָצעס:

דער הויכער, יונגער גלח האָט זיך צולאכט, און אין אַ קלאָה־רער איבערצייגענדער שטימע אויסגעשריען:

„איך האָב אייך אָבגענארט! איך האָב אייך אָבגענארט!"

און רוהיג האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און גענומען אויסבעסע־רען יעדע איינצעלהייט פון די בעווייזע, גענומען דערצעהלען, ווי אזוי ער איז דעם פערברעכען בעגאנגען, ווי אזוי עס איז איהם געלונגען אָבצונאַרען די דאָקטוירים נאָך דעם, ווי יענע האָבען איהם וואָ־כען לאנג שטודירט, ווי אזוי ער האָט גענארט זיינע אדוואָקאטען.

איבערצייגענד־קאלט איז געווען זיין שטימע. ענדליך האָט ער גערעדט ווי אנדערע מערדער.

פערשוואונדען איז דער געטליכער אויסדרוק פון זיין פּנים. קאלט זיינען געוואָרען די שעהנע, בלויע אויגען, און דערציטערטע, פערשעהמטע זיינען אוועק יענע, וואָס האָבען אין איהם פריהער געגלויבט.

און זיין ענדע?

און זיין ענדע איז געקומען אין יענעם לעדיגען צימער אין סינג־סינג מיט די ווייסע ווענט, וואו עס געפינט זיך בלויז דער גרויסער שטוהל, וועלכער איז ארומגערינגעלט מיט ברייטע עלעק־טרישע סטראַפּס, און איבער וועלכע עס הענגט אַ קליינע עלעקטרישע „קאַפּע", פון אונטער וועלכער קיין מענש איז נאָך ניט ארויסגעקו־מען אַ לעבעדיגער.

# איהר ירושה.



ין די אויגען, אין יעדער בעוועגונג פון דער דזשורי האט מען געקענט זעהן, ווי פעראינטערעסירט זיי זיינען אין דער שעהנער אנגעקלאגטער.

און זי? זי האט ניט געציינט קיין איין סימן פון אינטערעס, טרויעריג איז איהר קאפ געהאנגען אויף איהר ברוסט, זעלטען האט זי אויפגעהויבען די אויגען, אבער אז זי האט זיי יא אויפגעהויבען, דאן האבען זיי מיט זייער פולען אונשולדיג בלויען פראכט געקוקט טיעף אין די אויגען פון אן אויסגעפוצטען דזשוראר.

און אויכפוצען פלעגען זיי זיך, די צוועלף מענער.

יעדען טאג פון פראצעס האבען זיי זיך אליין געוואלט איבערטרעפען. פריה, א היבשע צייט איידער דער דזשאדזש איז ערשינען, האבען זיי שוין פערנומען זייערע זיצען אין דער דזשורי באקס.

פני'ער בלויליך ווייס פון א פרישען שייוו און פון פאודער, סאלערס פון דער לעצטער מאדע, סוטס פריש געפרעסט מיט יענע קנייטשען, מיט וועלכע פיעלע מענער גיבען זיך אזוי פיעל אב און נעקטייס פון די פרעהליכסטע פארבען, אויסגעבונדען מיט א סך מיה.

זיי האבען ניט געקוקט מיט אונגעדולד אויפ'ן זייגער ווי דזשורי לייט קוקען געוועהנליך, ניין. רוהיג זיינען זיי געזעסען מיט א מינע: „איך בין רייט דא צו זיצען אייביג“.

איינער א יונגער, אלע זיינען געווען יונגע, אבער ער איז געווען גאר יונג — האט נאכגעפאלגט יעדען בליק איהרען. אז זי האט געריבען אויפ'ן טיש פאר זיך, האט ער געקוקט אויף איהר,

און יעדעס מאל, ווען אן ערות איז געגען איהר ערשיענען אויפ'ן וויטנעס־סטענד, האט ער אונגעדולדיג געדרעהט מיט'ן קאפ, ווי איינער רעדט: „ווער פרעגט דיך, אז איך וויל דיך גאר ניט הערען".

עדות געגען איהר זיינען געווען א סך: סיילעסליידיעס און דעטעקטיווס פון א גרויסען דעפארטמענט סטאר. זיי האבען דערצעהלט, אז זיי האבען זי געזעהן גנב'ענען א מאסע קאסטבארע שפיצען, וועלכע זיינען שפעטער געפונען געווארען אין איהר מוף.

די קלאגע האט אויסגעזעהן שטארק ערנסט, פיעלע האבען מיט־לייד געהאט מיט דער יונגער מיידעל, אונגעדולדיג האט מען גע־ווארט אויף דער צייט ווען זי וועט ארויף אויפ'ן וויטנעס־סטענד און זיך פערטיידיגען, אבלייקענען די שענדליכע קלאגע.

פיעלע זיינען געווען זיכער, אז עס איז אן איבערגעטראכטע־בלבול, און אויף די פנים'ער פון דער דזשורי איז געווען איינגע־שריבען: מיר גלויבען ניט".

ווען זי איז ענדליך געהויבען געווארען אויפ'ן וויטנעס־סטענד, איז זי א הויכע, מיט פערפרעסטע ליפען ערשיענען.

איהרע לליידער זיינען געווען איינפאכע, פון יענער סארט איינ־פאכקייט, וואס קאסט א סך געלד, אבער זי האט געוואוסט, אז בלויז א געוויסער סארט מענער פערשטעהען די קאסטבארקייט. די דזשורארס, איז זי געווען זיכער, פערשטעהען עס ניט. ווי האט זי עס געוואוסט? וואהרשיינליך די שרייענדע קאלירען פון זייערע נעקטייס האבען עס איהר דערצעהלט, און אפשר דאריבער האט זי פאר זיי קיין מורא געהאט?

צוערשט האט זי געלייקענט. זי ווייסט ניט, זי האט ניט גע־נומען, זי איז דארט ניט געווען.

און א ברייטער, צופריעדענער שמייכעל האט בעציערט די בע־וואנצטע און אבגעגאלטע מיילער פון די דזשורארס.

דער יונגער דיסטריקט אטורני האט מאדנע געשמייכעלט.

„איהר זייט דארט ניט געווען?" — האט ער זי גענומען אויפ'ן קרייץ־פערהער.

„נייז", — האט זי געענטפערט מיט א שוואכער שטימע.

„ווי קומט אייער מוף אהין?" — האט ער ווידער געשמייכעלט, האלטענדיג הויך די מוף, פון וועלכער ער האט לאנגזאם געשלעפט די גע'גנב'עטע שפיצען.

זי האט געשוויגען. איהרע אונשולדיגע אויגען האבען מיט גע־בעט געקוקט אין דער דזשורי באקס.

„איך וועל מיט אייך מאכען א בארגען" — איז קאלט געקומען די שטימע פון דיסטריקט אטוירני — „איך וועל ניט בעריהרען אייער פערגאנגענהייט, אבער איהר מוזט דערצעהלען דעם אמת".

שנעל, ווי מורא האבענדיג, אז ער וועט ווידער עפענען זיין מויל, האט זי גענומען אין א געבראכענער שטימע דערצעהלען:

„די מאמע איז קראנק, זי איז אן אלמנה. אן אנקעל אין שי־קאגא פלעגט אונז אויסהאלטען, מיט דעם געלט בין איך אין קא־לעדזש געגאנגען און מיר האבען געלעבט ניט שלעכט.

„מיט עטליכע מאנאטען צוריק איז דער אנקעל געשטארבען און, אנשטאט אונז לאזען א פערמעגען, איז ער געשטארבען אן ארימאן.

טרויעריג האבען געקוקט די דזשוראָרס אויף דעם שעהנעם פנים, וועלכער האט זיך איצט געבאדען אין טרעהרען.

„מיר האבען אלעס פערפיינט, איך האב ניט געקענט פערלא־זען דעם קאלעדזש, איך וויל, איך מוז פערענדיגען מיין בילדונג.

„מיר האבען געדארפט צאהלען רענט, עס איז ניט געווען וואו צו לייהען. איך בין געווען אין סטאר, איך פערשטעה זיך אויף טהייערע שפיצען, איך האב געוואוסט, אז עטליכע יארד פון די שפי־צען וועלען בעצאהלען אונזערע רענט אויף א פאר מאנאטען, איך ווייס ניט ווי איך האב עס געטהאן, איך פערשטעה אליין ניט, איך האב עס געטהאן"...

כליפענדיג זיינען געקומען די לעצטע ווערטער, און מאנכע דזשוראָרס האבען אויפגערעגט געקוקט אויפ'ן דיסטריקט אטוירני.

נאך א צעהן מינוטען בעראטהען זיך, האט די דזשורי אריינגע־בראכט אן אורטייל: נ י ט ש ו ל ד י ג.

זים האבען די נאסע אויגען געשמייכעלט אויף די יונגע לייט, שנעל האט זי פערלאָזען דעם געריכטס־זאל.

אלע זיינען איהר נאכגעגאנגען. מיט לייכטע טריט איז זי אריינגעשפרונגען אין א גרויסען אַטאָמאָביל, אין וועלכען עס זיינען געזעסען א פרוי מיט צוויי מענער.

„האַ־האַ־האַ!“ — האט הארט געלאכט אן אלטער קאורט־דע־פּאַרטער. — „ווידער אַבגענארט א דזשורי“.

— וואס מיינט איהר? — האט איהם א פרוי געפרעגט.

„האַ־האַ־האַ“ — האט ער ווידער געלאכט, ווייזענדיג אויף דעם שנעל פערשוואונדענעם אויטאָמאָביל. — „א קלוג מיידעל, אין גאנצען געראטען אין איהר באָבע. „מוטער ראזען“ האט מען זי גערופען, אין איהר צייט איז זי געווען די קליגסטע פערברע־כערין אין דער וועלט. אויך געווען אזוי שעהן ווי דאס מיידעל, איהרע אויגען האבען אַבגענארט ניט איין דזשורי פון ערפאהרענע מענער.

„ווער איז די פרוי מיט איהר אין אויטאָמאָביל?“ — האט איי־נער געפרעגט.

„דאס איז איהר מוטער, די טאכטער פון „מוטער ראָזען“, די איינציגע פון „מוטער ראזענ'ס“ קינדער, וואס בעטייליגט זיך ניט אין פערברעכענס, דערפאר אָבער זיינען שוין איהרע ברידער גע־זעסען אין א כה, א סך פריזאָנס איבער דער וועלט.

„די צוויי מענער מיט איהר, זיינען איהר מאן און זוהן. דער מאן, א בעריהמטער געמבלער, א פייקער פון גאָלד מיינס, א בע־וואוסטער שווינדלער, און דער זוהן א יונגער דאָקטאָר, וועלכער האט געביטען זיין נאָמען און ארבייט אין א קאָנסאָמפטיוו האָספּי־טאל. ער וויל בעצאָהלען פאר זיין פאמיליעס זינד זאָגט ער“.

פון ערגעץ האט זיך געהערט°א זיפץ, נעבען מיר איז געשטאַ־נען דער גאר יונגער דזשוראָר. ער, ווי אויך פיער אנדערע דזשו־ראָרס, האבען אלעס געהערט. ווער ווייסט וואס פאר א חלומות זייערע דער אלטער רעפּאָרטער האט צושטערט?...

# „פריינד".



יז עס ניט איבערראשענד? ווי לייכט געווייסע מענשען האלטען דאס מענשליכע לעבען. מענשען ווינען צווישען זיך פריינד, האבען זיך ליעב, עס געשעהט עטוואס, אמאל גאר א קלייניגקייט, און מען דערהרג'עט זיך באלד.

בעזונדערס אפט קומען פאר אזעלכע מארדען צווישען מענשען וואס טרינקען. די שטארקע געטראנקע טויטען אב יעדעס מענשליכע געפיהל, עס מאכט פון זיי בעסטיעס, און זייער פער'שכור'ונג פערגעסען זיי צו אלץ.

יענעם פריהמארגען איז פראצעסירט געווארען אזא חברה־מאן. פראצעסירט געווארען פאר ערמארדען זיין בעסטען פריינד.

בעדויערענסווערטה איז געוועזען דער מענש. געבראכען אין קערפער און גייסט, געבויגענע פלייצעס, און איינגעפאלענע ברוסט, איינגעזונקענע באקען, אויסגעלאשענע אויגען און בלאסע ליפען. דאס איינציגע לעבעדיגע אויף זיין פנים איז געוועזען זיין שטארק רויטע נאז, אויפגעגעסען פון אלקאהאל.

זיין בענעהמונג איז געוועזען קינדיש; שטארק צושראקען. ער האט אפט געוויינט, געבראכען זיינע טרוקענע הענט און מיט געבעט געקוקט אויף דעם ריכטער.

אין א באלון אויף דער באוערי האט ער זיך „אונטערהאלטען" מיט זיין פריינד. עס זיינען דארט געוועזען נאך עטליכע. מען האט געטרונקען וועגען הויכע פרייזען, מען האט גענומען רעדען וועגען דעם פרייז פון פיש, עס איז געווארען א היציגע דעבאטע. ער, דער [illegible], האט געזאגט, אז קארפיש קאסטען אזוי פיעל, און

זיין פריינד איז געווען זיכער, אז זיי קאסטען מעהר. דער אנגעקלאגטער האט דאס ניט געוואלט לײדען, האט ער זיין פריינד בעלײדיגט. יענער האט איהם נאך מעהר בעלײדיגט. די מוהות זיינען ניט געווען קלאָהר, מען האט זיך גענומען קריעגען, דאן שלאגען און אײדער צעהן מינוטען זיינען פארביי, איז דער פריינד געלעגען א טויטער און דער אנגעקלאגטער איז אן ערשטוינטער, א פלוצלונג איינגעניכטערטער, געשטאנען איבער זיין פריינד'ס טויטען קערפער מיט א לעדיגער פלאש אין האנט.

דאס אלעס האבען דערצעהלט עדות, עהרליכע צו איהם, מענשען, וועלכע זיינען שוין אזוי טיעף געזונקען, אז זיי קענען זיך שוין אפילו צוריק ניט קעהרען, ווייל זיי האבען נאך ניט פערניכטעט דאס איבערליכע אין זיך, אויך דאס אויסערליכע איז צובראכען...

ווייטער האבען זיי דערצעהלט, אז דער אנגעקלאגטער האט ביטער געוויינט, ווען מען האט איהם געזאגט, אז זיין פריינד איז טויט.

און איצט איז ער געזעסען אויף דעם עדות־שטיהל. זיינע בלאסע ליפען האבען געציטערט, זיינע דארע פינגער זיינען געווען אונבעוועגליך אויסגעשטרעקט, און די אויגען האבען צושראקען געקוקט ארום זיך.

זיין שפראך איז געווען גוט, זיין שטימע הייזעריג. אין עטליכע ווערטער האט ער דערצעהלט וועגען דעם פערברעכען. עס טהוט איהם לייד, זעהר לייד. ער וועט דאס מעהר קיינמאל ניט טהאָן, האט ער פערזיכערט דעם ריכטער, מיט דעם טאָן פון א קינד האט ער געזאגט די ווערטער, פונקט ווי א קינד זאגט צו: „איך וועל זיין גוט“.

זיין נאכטער אויסזעהן האט געצייגט אויף אן אלטען מאן. בלויז פון צייט צו צייט האט זיך בעוויזען א קליין פייערל אין זיינע מידע אויגען, וועלכעס האט דערצעהלט וועגען יוגענד און בעשפיעלטע יאהרען.

דזשאהן איז געוועזן זיין נאָמען, און צו דעם האָט ער צוגעגעבען אַ צווייטען נאָמען, און שפּעטער האָט ער ערקלעהרט, אז זיין צווייטער נאָמען איז אַ פאַלשער, און אז ער וועט ניט אויסזאָגען זיין ריכטיגען נאָמען, אפילו ער זאָל וויסען ער שטאַרבט.

„איך וויל ניט אריינציהען מיין פאמיליע אין דעם. זאָלען זיי ניט וויסען, אז איך בין אזוי טיעף געזונקען, אז צוליעב דעם פּרייז פון פיש האָב איך גע'הרג'עט מיין בעסטען פריינד", האָט ער פעסט ערקלעהרט, און קיין זאך האָט איהם ניט געקענט בעוועגען צו דערצעהלען ווער יער איז.

און אז די דזשורי האָט איהם געפונען שולדיג אין מאָרד צווייטען גראַד פאר וועלכען ער איז שפּעטער פער'משפּט געוואָרען צו לעבענסלענגליכער געפענגניס, האט ער ביטער געלאכט: ווייל איך בין געוועזן שיכור קומט מיר ניט דער טויט. ס'אַרא נאַראָנים זיי זיינען עס, און איך בין געוועזן זיכער, זיי וועלען מיך שיקען אויפ'ן עלעקטריק טשער, אוי, זיינען דאָס נאַראָנים!

און שאַקלענדיג פערצווייפעלט מיט זיין גרויען קאָפּ, האָט דער מערדער פערלאָזען דאָס געריכט.



## דאַס שטרענגע געזעץ.



ער פּראָצעס איז געווען אזא לעבעדיגער, אז אפילו די געוועהנליך גלייכגילטיגע געריכטס־אָנגעשטעלטע, וועלכע זעהען כמעט שטענדיג אוים שלעפעריג, האָבען אויפגעמאכט ברייט זייערע אויגען און אויפגעשטעלט זייערע אויערען. פאר דעם ריכטער, אזוי ווי אויף אַ ביהנע, זיינען געווען גרופּירט די קעמפּפער.

אַ בלאַסער, הויכער מאַן, מיט אַ פּאָר גרויסע, בייזע אויגען, מיט רויטע וואָנצעס, וועלכע זיינען געהאַנגען אין מויל, און מיט שטאַרק איינגעפאלענע באקען.

דריי קינדער אין דער עלטער פון צעהן ביז פיער יאָהר.

גוט געפלעגטע שעהנע קינדער זיינען זיי געווען, אָנגעטהאָן זעהר ציכטיג אָבער פון זייערע אויגעלאַך האָט ארויסגעקוקט שרעק און פּאַניק.

און אויף דער אנקלאגע באנק אַ יונגע, שעהנע פרוי, אַ טיפּישע מוטער. אַלֵין — איהרע אויגען, די געזיבטעס־ציגען, דער האַלבער שמייכעל, אַלֵין האָט געצייגט אויף דער פרוי, וואָס איז געשאַפען צו זיין אַ מוטער. אין איהרע אָרעמס איז געלעגען אַ האַלב יעהריג קינד און מיט אַ זיסען קינדערשען שמייכעל געקוקט אויף דער מוטער.

אָט דאָס קינד איז געוועזען די אומשולדיגע אורזאַכע פון דער טראַגישער געריכטס־פאָרשטעלונג.

דער מאַן האָט גערעדט:

— איך וועל ניט געבען קיין איין סענט. מעגט איהר מיך אוועקשיקען אין פּריזאָן אויף אייביג!

— אבער פארוואס? — האט געפרעגט דער ריכטער.

— ווייל איך וויל ניט! — האט ער טראציג געענטפערט.

— ווען שוין! איהר ווייסט דאך אבער אז מען האט חתונה און מען האט קינדער, דארפען זיי עסען.

דער מאן האט געשוויגען.

— זאלען די קינדער ניט עסען?

— פאר מ י י נ ע קינדער וועל א י ך געבען עסען!

— זיינען זיי ניט אייערע?

— אויף דעם זאל זי ענטפערען! — האט ער מיט א בייזען מאך פון קאפ געענטפערט.

דער ריכטער האט א חיבה'דיגע ווילדע געקוקט אויף דעם מאן, אויף דער פרוי און אויף די קינדער. די יונגע פרוי איז געווארען שטארק רויט, דאן בלאס און דאן ווידער רויט.

— האט איהר מיר עפעס צו דערצעהלען, מאדאם?

— איך, איך? ניין! — האט זי געשטאמעלט.

— מיינע קינדער אויף דעם עדות־שטיהל. אונטער א שבועה זאל איך שנעלער אויסגעפינען דעם אמת! — האט דער ריכטער שטרענג געזאגט.

די יונגע פרוי האט זיך זעהר שווער אויפגעהויבען. די קנאפיל פון איהרע שיך זיינען געווען שטארק אויסגעדרעהט און איהרע קליידער צו זומערדיג פאר דעם קאלטען, ווינטיגען טאג.

אויף דעם עדות־שטוהל האט זי נעהענטער צוגעדריקט דאס קליינע קינד צו איהר ברוסט, ווי זי וואלט זיך געשראקען, אז אי־מיצער וויל עם פון איהר צונעהמען.

דער ריכטער האט געזאגט:

— וואס האט איהר צו זאגען אויף אייער מאן'ס באשולדיגונג?

— ער האט זעהר פיעל באשולדיגונגען קעגען מיר.

— וועגען די קינדער.

— די קינדער זיינען זיינע! — האט זי געענטפערט און א־אפ־געקוקט אויף דעם קליינעם קינד.

איצט האט דער מאן ווילד געפרעגט:

— אלע?!

זי האט ניט געענטפערט.

— אלע? — האט דער ריכטער געפרעגט.

און די יונגע פרוי האט זיך צואוויינט.

— זאל זי אייך דערצעהלען, זאל זי שווערען, אויב די קינדער זיינען אלע מיינע. זאל זי שווערען! — האט געשריען דער מאן.

און די יונגע פרוי האט מיט א ציטערענדען פינגער אנגעוויזען אויף די דריי גרעסערע קינדער.

— איך שווער ביי גאט, אז זיי זיינען זיינע!

— הא, הא, הא! — האט זיך דער מאן זעהר ווילד צולאכט. און דאס קליינע, דאס קליינע אין דיינע ארעמס, דאס איז אויך מיינס? וועסט אויף דעם אויך שווערען? זאג, וועסט שווערען?

די פרוי האט געשוויגען.

— איהר זעהט, יור האנאר, זי שוויגט? פרעגט ביי איהר, איז דאס ניט דאס קינד פון איהר געליעבטען פאליסמאן?! פרעגט ביי איהר!

דער פרוי'ס וויינען איז געווארען אזוי היסטעריש, אז אלע דריי קינדער האבען זיך צואוויינט.

און ווען זי האט זיך אביסעל בערוהיגט, האט זי זיך געבעטען:

— לאזט מיך געהן אהיים.

— אהא, איצט וויל זי שוין אנטלויפען! איהר זעהט, ווי שול־דיג זי איז, זי האט מורא! — האט זיך געקאכט דער מאן און זיין פנים איז געווען עהנליך צו זיינע רויטע האר.

— שולדיג ביזטו מעהר ווי איך! ווער האט מיך געטראכטען מיט די פיס? ווער האט מיר ניט געגעבען גענוג צו עסען? ווער האט מיר געמאכט דאס לעבען אזוי מיאוס, אז ס'האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז כ'קען שוין מעהר ניט לעבען, ווער? ניט דו? ענטפער! — האט זי איצט ווילד געשריען.

— וואס האָט דאָס צו טהאָן? — האָט ער געפרעגט.

— זעהר פיעל. דו מיט דיין ברוטאלער באהאנדלונג האָסט מיך מיט גוואלד געשטופּט אין די ארעמס פון א צווייטען. ווען ס'איז געקומען אן אנדערער און האָט גערעדט צו מיר פריינדליך, בין איך געוועזען איבערראשט, כ'בין ניט געוועזען געוואוינט צו מענש־ליכער באהאנדלונג. ווען ער האָט געזעהן, וויפיעל הונגער איך מיט די קינדער ליידען, האָט ער אונז געבראכט עסען. די בארוויסע פיס פון ד י י נ ע קינדער האָבען דיך ניט געאַרט, אָבער איהם. א פרעמדען, האָט י א געאַרט. ע ר האָט זיי געקויפט שיך! נאַטירליך, בין איך געוואָרען זיין געליעבטע. כ'בין דאָך געוועזען ווי א הונט, וועלכען יעדער שטופּט אוועק. קיינער ווארפט איהם אפילו קיין ביין ניט, און פּלוצלונג באקומט ער א בעל־הבית וועל־כער גיט איהם אפּצועסען און אמאָל אפילו א גלעט! איך בין געווען אזוי אונטערטהעניג, אזוי פארהונגערט, אז כ'האָב זיך ניט געראכענט מיט קיין זאך. און אז ס'איז געקומען דאָס קינד, וואָס קען איך טהאָן? האָב איך עס געזאָלט דערשטיקען?

— וואו איז איצט אייער געליעבטער?

— ער, ער האָט א פרוי מיט קינדער! אָבער איך האָב דאָס פריהער ניט געוואוסט.

— נו, איצט וועט איהר מיר נאָך הייסען איהר געבען געלד?!

— האָט זיך דער מאַן גערייצט.

דער ריכטער האָט א לאַנגע ווײלע געטראכט. דאן האָט ער געפרעגט דעם מאַן:

— און פאַר די עלטערע דריי קינדער ווילט איהר זאָרגען?

— יאָ.

— טאָ וועל איך זיי אריינגעבען אין אן אינסטיטוציע, און איהר וועט פאַר זיי צאָהלען זעקס דאָלאַר א וואָך.

די עלטסטע מיידעל, וועלכע האָט עפּעס פערשטאַנען, האָט זיך צואווײנט, און נאָך איהר די אנדערע.

— פאַרוואָס ווילט איהר צונעהמען מיינע קינדער ביי מיר?

— ווייל איהר זייט ניט פאסיג מאראליש זיי צו ערציהען. און אויב איהר וועט רעדען א סך, וועל איך נאך זעהן, וואס מען קען טהאן פאר דעם קליינעם קינד. פרויען ווי איהר, האבען ניט קיין מאראלישע רעכט צו זיין מוטערס! — האט דער ריכטער שטרענג געזאגט.

אין די יונגע פרוי מיט דעם מוטערליכען אויסזעהן האט מיט א צובראכען הארץ פארלאזען דאס געריכט.



## דער געוועזענער שרייבער.



שרעקליכע געלקייט האָט בעדעקט זיין פּנים, די טיעף איינגעזונקענע באַקען האָבען אויסגעזעהן ווי לעכער, די אויגען, זיינען ווי פארגלייזט, צושראָקען קוקען זיי אויפ'ן דזשאַדזש, וועלכער דאַרף איצט איבער איהם אורטהיילען.

די קלאַגע געגען איהם איז, דאָס ער האָט איינגענומען „מאַרפין".

ער איז אַ בעקאַנטע פּערזאָן אין קאורט. פיעלע פון די אַנגעשטעלטע קענען איהם און האָבען מיט איהם גרויס מיטלייד. ער איז שוין עטליכע מאָל פּעריִשיקט געוואָרען אונטער דער זעלבער קלאַגע.

זיין איינגעבייגענער קערפּער איז אַנגעשפּאַרט אָן א פּאָר הילצערנע שטאַלצען, די פיס זיינען ביי איהם פּאַראַליזירט.

ער איז אָנגעטהאָן גאַנץ מאָדערן, זאָגאַר אויפפאַלענד. און דאָס מאַכט איהם אַ ביסעל לעכערליך, עס איז אַ שרעקליכער קאָנטראַסט מיט דעם פערקריפּעלטען אָבגעלעבטען קערפּער.

מיט זיין טרויעריגער לעבענס געשיכטע זיינען פיעל קאורט אַנגעשטעלטע און אויך דער דזשאַדזש גוט בעקאַנט.

מיט פופצעהן יאָהר צוריק איז ער געוועזען איינער פון די בעסטע זשורנאַליסטען פון ניו יאָרק. ער איז געוועזען יונג, פול מיט לעבען, טראַיז דעם וואָס זיין סוקסעס האָט איהם געקאָסט פיעל יאָהרען פון הונגער און ליידען.

אַלס קינד איז ער געבליבען אַ יתום, איז אויפגעוואַקסען ביי

אַ מאַמע, וועלכע האָט געהאַט אייגענע ניין עסערס, נאַטירליך איז ער כמעט שטענדיג געווען האַלב־הונגעריג.

נאָך אַלס יונגל, איז ער געווען אַ שוואַכער, שוואַך אין קערפּער און אין גייסט.

ער איז געווען פלייסיג, האָט אויבער גוט געלערנט און ענדליך געוואָרען אַ „מענש“.

זיינע קאָלעגען האָבען איהם געקאַנט פאַר אַ מענשען וואָס וועט זעלטען געריהרט פון אירגענד וועלכער זאַך, אַנשטאַט אַ האַרץ, האָבען זיי געזאָגט, האָט ער אַ שטיק אייז.

אָבער די, וואָס האָבען איהם געקענט פון גאַנץ נאָהענט האָבען גוט געוואוסט, אַז צו דער זעלבער צייט וואָס ער ווערט ניט געריהרט פון טרעהרען און האַרץ־רייסענדע געשרייען, קען ער זיך דאָך לאַזען אָהן אַ סענט ווען עס קומט צו ליידענדע, אמת ליידענדע.

ער איז געווען גאַנץ גליקליך און צופריעדען עטליכע יאָהר, ער האָט פערדיענט גוט, איז געווען פערליעבט אין אַ מיידעל.

זיין איינציגע ליידענשאַפט איז געווען רויכערען. ער פלעגט אַבזיצען שטונדען־לאַנג, שרייבען שנעל, און רויכערען נאָך שנעלער, אַ קורצע דיקע פּאַיפּ.

ער האָט דאָס מיידעל געהייראַט. עטליכע מאָנאַטען שפּעטער האָט זיך איהם פערוואַלט שרייבען אַ פּיעסע, און אַט די פּיעסע איז שולדיג אין זיין גאַנצען אונגליק.

די פּיעסע איז געווען אַ געוואַלדיגער סוקסעס. פינף קאָמפּאַניעס האָבען זי געשפּיעלט איבער צוויי יאָהר צייט און ער איז דערפון געוואָרען זעהר רייך, אַזוי רייך, אַז זיין קאָפּ איז פערדרעהט געוואָרען פון רייכטהום...

עס האָט איהם גענומען מעהר ווי אַ יאָהר זיך צו געוועהנען צו אַ לעבען פון לוקסוס, אָבער ווען ער האָט זיך צוגעוועהנט, האָט ער גענומען „לעבען“ — ליידענשאַפטליך געלעבט...

אַלץ, רויכערען, שרייבען, אַלץ האָט ער געטהאָן ליידענשאַפט־ליך. אָבער געליעבט האָט ער רוהיג, אַזוי לאַנג ווי ער האָט גע־

ליעבם זיין אייגענע שטילע פרוי. די גוטע פרוי וועלכע האט אימער געשוויגען.

— דאס וואס זי האט שטענדיג געשוויגען איז געווען די אור־זאך פון מיין פאלען — האט ער דערצעהלט דעם דזשארזש, ווען ער איז פאר איהם דעם דריטען מאל פארגעפיהרט געווארען.

— איך האב געלעבט און זי האט געשוויגען, געשוויגען ביז עטליכע טעג פאר'ן געבורט פון איהר קינד. דאן האט זי אייגענומען גיפט.

—די נייעס האב איך בעקומען אין א זומער האטעל, וואו איך האב פארבראכט מיט א יונגער כאריסטקע.

ער איז שטארק קראנק געווארען און איז אבגעלעגען עטליכע וואכען ראנגלענדיג זיך מיט'ן טויט.

פאלשטענדיג געזונד איז ער שוין ניט געווארען. ווען ער איז אויפגעשטאנען פון בעט איז ער געווען בלויז א שאטען פון דעם פריהערדיגען ריעז — האט ער דערצעהלט.

די כאריסטקע האט אן אונצופריעדענע געספענדט זיין געלד עטליכע מאנאטען נאך דעם אונגליק, דאן איז זי אנטלאפען מיט א „רייסטרעק געמבלער", מיטנעהמענדיג מיט זיך די גרעסטע טייל פון זיין פערמעגען.

דער לעצטער קלאפ האט איהם צושמעטערט.

עטליכע מאנאטען האט ער זיך אין גאנצען בעהאלטען פון דער וועלט, פלעג זיצען שטונדען לאנג און שנעל, שנעל רויכערען זיין קורצע דיקע פאיפ.

זיינע שרעקליכע שמערצען האט ער בלויז געקענט שטילען מיט „מארפין", דער דראג פלעגט איהם פער'שכור'ן און פאר א צייט איז ער געווען גליקליך.

אבער דעם דראג האט ער צו יענער צייט זעלטען איינגענומען.

שטארק דערצו האט ער זיך ערשט דאן גענומען, ווען ער האט ווידער געוואלט נעהמען שרייבען. ער האט געמוזט שרייבען, ווייל זיין געלד האט זיך אויסגעלאזט און אויף אן אנדערען וועג האט ער ניט געקענט מאכען קיין לעבען.

— שרעקליכע שטונדען פלעג איך פערברענגען ביים טיש. איין האנד פלעגט פערקרעמפט ווערען האלטענדיג די פען. מיינע געדאנ־קען האבען מיך אבער פערלאזען, עס איז מיר געווען אונמעגליך צו בערעקען דאס ווייסע פאפיער מיט ווערטער, ווערטער וועלכע פלע־גען מיר פריהער ברענגען א פערמעגען, וועלכע וואלטען יעצט געבראכט טרייסט צו מיין צובראכען הארץ...

און אין יענע שטונדען פלעגט ער זיך אפט בענוצען מיט „מאר־פין". אונטער זיין איינפלוס פלעגט ער שטילען זיינע שמערצען און ענדליך, נאך א לאנגען קאמפף, האט ער אנגעפאנגען צו שריי־בען פארבלאזע זאכען, וועלכע זיינע פריהעריגע פאבלישער האבען איהם צוריקגעשיקט, ערקלעהרענדיג, דאס זיי „פיהלען איהם ניט" אין זיינע ערצעהלונגען. —

— דאס האט שטארק וועה געטהאן, ווייל איך האב געוואוסט, ווי ריכטיג דאס איז, איך האב זיך אליין אויך ניט „געפיהלט".

— מיינע ערצעהלונגען זיינען אנגענומען און געדרוקט געווארען אין בילינגע צייט־שריפטען. בעצאהלט האט מען א דריטעל פון דאס, וואס איך האב אמאל געקראגען. אבער גענוג צו לעבען גוט, אזוי גוט ווי ווייט מיינע פערלאנגען זיינען.

דער שרעקליכער דראג האט צוביסלעך זיין קערפער פערקריפעלט, זיינע פיס פאראליזירט, זיין רוקען געבויגען, זיין פנים פער־געלט. עס האט פון איהם געמאכט א לעבעדיגען מת...

מיט דיעזע פאקטען איז דער דזשאדזש גוט בעקאנט. ער בע־טראכט איהם לאנג, עטליכע אנוועזענדע שושקען זיך. דער קעפ־טען פון קאורט קלאפט פאר ארדער, און דער דזשאדזש שיקט דעם אונגליקליכען אין פריזאן אויף עטליכע מאנאטען.



# אַ כלה פון דער אונטערוועלט.



י איז געווען אן עדות פאר דער אנקלאַגע אין אַ מאָרד־פּראָצעס, און די וואָס האָבען בעוואונדערט איהר שעהנהייט, די טיעף־בלויע קינדערשע אויגען און דעם אונשולדיגען אויסדרוק ארום די זיסע ליפּען, זיינען געווען שטארק איבערראַשט, ווען דער לאָיער פון דער פערטהיידיגונג האט אין קרייץ־פערהער איהר געשטעלט די פאָלגענדע פראגען:

— ווי לאַנג האָט איהר געוואוינט מיט'ן פערשטארבענעם?

— ווארום האָט איהר איהם יעדע וויילע פערלאָזען?

און ווען זי האָט געענטפערט אויף דער ערשטער פראגע „צוויי יאהר" און אויף דער צווייטער געשוויגען, האט דער לאָיער וויזענדיג אויף איהר מיט אַ פינגער, איראָניש געפרעגט:

— ניט וויייל איהר האָט צופיעל געטרונקען און ער האָט אייך דערפאר געשלאָגען?

דאָס שעהנע פּנים האָט זיך פערקרימט, אַ וואָלקען איז איבער־געשוואומען איבער די קינדיישע אויגען, וועלכע זיינען אויף אַ סעקונדע פייכט געוואָרען, אָבער באלד האָט זיך דאָס גאנצע פּנים געביטען. אַ טראַציגער אויסדרוק האָט זיך אין זיי בעוויזען און האָט ווי אָבגעווישט די פריהעריגע אונשולד...

— און אז איך טרינק, וועמעס ביזנעס איז עס? געוויס ניט אייערע! — האָבען די זיסע ליפּען געשריען.

— וויפיעל מאָל אַ טאָג האָט ער אייך געשלאָגען?

אויף דער פראגע האָט זי ניט געענטפערט, אָבער איהרע אויגען האָבען שרעקליך געברענט.

דער לאָיער האָט לאנגזאם געבלעטערט אַ בוך, דאַן האָט ער זיך מיט אַ שמייכעל געווענדעט צו דעם אָנגעקלאָגטען און זיך מיט איהם געשושקעט.

דאָס מיידעל אויפ'ן וויטנעס סטענד איז געווען שטאַרק אויפגערעגט. קיין פערצווייפלונג, נאָר אַ ווילדע בייזקייט האָט אין איהר געקאָכט. דאָס שעהן פּנים איז געביטען געווען, עפּעס איז עס עלטער געוואָרען און עפּעס האָט איהר אונטער דעם אויסדרוק געקענט לעזען שרעקליכעס...

— און מיט דעם אָנגעקלאָגטען ווי לאנג האט איהר געוואוינט?

— האָט דער לאָיער געפרעגט מיט זיין רוהיגען שמייכעל.

— עטליכע טעג, — האָט זי בייז געענטפערט.

— ווי לאנג קענט איהר זיך מיט איהם?

— דריי יאָהר.

—איהר האָט זיך מיט איהם בעקענט דורך זיין פרוי, זי איז אייער פריינדין?

— יעס.

— זעהר פיין האָט איהר אויסגענוצט איהר פריינדשאפט, און דער סאַרקאַזם אין דעם אדוואקאט'ס טאָן האָט נאָך מעהר אויפגערעגט דאָס מיידעל.

שטונדיען לאנג האָט ער איהר געשטעלט עהנליכע פראגען, וויפיעל טעג זי האט געוואוינט מיט „שארטי'ן“? וויפיעל מיט „בלעקי'ן“? און נאָך פיעלע, פיעלע נעמען פון בעוואוסטע מיטגליעדער פון דער אונטער־וועלט.

און דאס מיידעל האט געענטפערט מיט פערפרעסטע ליפּען, מיט קראַמפּפהאַפט צוזאמענגעבראכענע הענט, מיט פיבערישען האס אין די אויגען האט זי געענטפערט און לאנגזאם, ניט ווילענדיג, קאפיטלעכווייז, אויפגעדעקט איהר שענדליכע פארגאנגענהייט...

דעם האָט זי פערלאָזען, ווייל ער האָט מעהר געטרונקען ווי זי; יענעם — ווייל ער האָט נ י ט געטרונקען און עס איז איהר געווען אומעטיג; איינעם — ווייל ער האָט צופיעל גע'גנב'עט, אַ צווייטען — ווייל ער איז געווען אַ פיינגלינג; איינעם — ווייל ער איז איי־מער געווען פערמישט אין שיסעריייען; איינעם — ווייל ער האָט זי ברוטאל געשלאָגען און איינעם ווייל ער איז געווען ווילד איי־פערזיכטיג.

מיט דעם פערשטאָרבענעם האָט זי זיך פיעל, פיעל מאָל צוגאַנ־גען און ווידער צוזאַמענגעקומען. „עפּעס האָט ער געהאַט אַ שרעק־ליכע מאַכט איבער מיר", האָט זי ערקלעהרט פערשעהמט און דער קינדישער אויסדרוק ארום די ליפּען האָט זיך ווידער בעוויזען.

עס האָבען זיך געהערט זיפצען צווישען די אַנוועזענדע. פיעלע האָבען זייערע אייגענע אויערען ניט געגלויבט...

איהר האָט בעטראַכט די געטליכע שעהנהייט, די טיעף, טיעף בלויע, קינדערישע אויגען, די זיסע ליפּען מיט דעם אונשולדיגען אויסדרוק אויף דעם דורכזיכטיגען פּנים, אויף וועלכען דער בייז־וויליגסטער קריטיקער האָט ניט געקענט ענטדעקען קיין איין שפּור פון דעם שרעקליכען לעבען און — איהר האָט זיך ניט געקאָנט גלויבען.

— ער האָט געסטראַשעט דאָס ער וועט „שאָרטי'ן" שיסען, אז איך זאָל צו איהם צוריק ניט געהן — האָט זי שטיל געענומען דער־צעהלען, אָבער דער אדוואָקאַט האָט שטאַרק פּראָטעסטירט, אז זי זאָל די אומשטענדען פון דער שיסעריי, וועלכע איז פאָרגעקומען צוליעב איהר, ניט דערצעהלען. דער אַנגעקלאָגטער איז שטאַרק רויט געוואָרען, דיקע אָדערען זיינען ווי אָנגעשלאָגען געוואָרען ארום זיי־נע שלייפען און דעם דיקען, אַ ביסעל צו דיקען האלז, וועלכער איז געווען שטאַרק ארומגעגאָלט, זיין טיפּישעס גענגסטער פּנים איז געווען בעצווינגען מיט אַ געמאַכטען שמייכעל, די גאַנצע צייט וואָס דאָס שעהנע מיידעל האָט גערעדט.

— און אייער קינד? ווער איז דער פאָטער פון אייער קינד?
— האָט דער לאָיער געפרעגט.

אַ שרעקליכער ווערטאָג האָט זיך בעוויזען אויף דעם שעהנעם פּנים און זי האָט אויסגעבראָכען אין אַ שמערצליכען געוויין.

שפּעטער האָט זי דערצעהלט, דאָס ווען זי איז זיבעצעהן יאָהר אַלט געוועזן, איז זי געוועזן „שטערבליך" פערליעבט אין אַ באָיטשיק פון די זעלבע יאָהרען, וועלכער איז געשטאָרבען עטליכע מאָנאַטען איידער איהר קינד איז געבוירען געוואָרען. זיינער אַ פריינד, וואָס האָט איהר „געטרייסט", האָט פערשפּראָכען צו נעהמען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט, דער פריינד האָט איהר געצוואונגען צו ווערען זיין געליעבטע און שפּעטער האָט זי איהם אויך ליעב בעקומען.

ווען זי איז געצוואונגען געווען איהר מוטער דערצעהלען, האָט זי איהר אַ ליגען געזאָגט, אז זי איז פערהייראַט.

דער „פריינד" איז יעדען טאָג געוואָרען ערגער, ווען ער איז געוואָהרען דער פיהרער פון אַ „גענג", האָט ער זיך גענומען צום טרינקען און אויך איהר געצוואונגען דערצו.

— ביסלעכווייז האָב איך דאָס טרינקען אויך ליעב בעקומען, איבערהויפּט „עבסינט". דאָס האָט מיר געגעבען מוטה, איך האָב די שמערצען לייכטער געקענט איבערטראָגען, לייכטער געקענט זאָגען אַ ליגען דער מאַמע, ווען איך בין צו איהר און דעם קינד אַהיים געקומען און איך ניט אַזוי שטאַרק געפיהלט די קלעפּ וואָס ער פלעגט מיר געבען.

דער „פריינד" איז געוועזן „שאַרטי", דער פערשטאָרבענער גענגס פיהרער און וועמעס הענט זי איז איבערגעגאַנגען אין אַנדערע און פיעל אַנדערע און יעדעס מאָל צוריקגעקומען צו איהם, „ווייל איך האָב איהם ליעב געהאַט".

קיינע שפּורען פון טרינקען, קיינע שפּורען פון דעם שרעקליכען לעבען — אַ שעהן, זיס מיידעל האָט דאָס אַלעס דערצעהלט.

ווען זי איז אַרויס פון קאָרטירום בין איך איהר נאָכגעגאַנגען. אין קאָרידאָר האָט זי מיט דעם זיסען שמייכעל בעגעגענט אַ קליין בלאָנד מיידעלע, וועלכעס איז מיט אַ פרייד־געשריי אַריינגעשפרונגען אין איהרע אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

און שפּעטער, ווען איך בין אַרויס פון אַ צווייטען קאָרטירום, וואו אַן אַנדער טראַגעדיע האָט זיך אָבגעשפּיעלט, האָב איך געהערט דאָס זילבערנע געלעכטער פון דער שעהנער מאַמע און קינד...



# דער אמת.



ז אונגעוועהנליכע מאסע פון העכסט עלעגאנט געקליי־דעטע פרויען זיינען יענעם פריהמארגען געקומען אין געריכט.

אנגענעהמע ריחות פון טהייערע אימפארטירטע פארפיומען האבען זאנפט דערשטיקט די ערנסטקייט פון זאל, זיי האבען אריינגעבראכט דעם פריהלינג. אבער די פנים'ער זיינען דערפאר געווען טויט ערנסט, פון אונטער די שעהנע היטען האבען ארויסגעקוקט בלאסע דערשראקענע אויגען.

די בעזוכער זיינען געווען אבגעטהיילט אין צוויי גרופען: רעכטס זיינען געזעסען די פריינד און פערוואנדטע פון דעם אנגע־קלאגטען, לינקס — די אנקלעגערין און איהרע פריינד.

זי איז געווען א פרוי פון איבער פופציג יאהר מיט לייכט גע־פארבטע באקען און מיט א גיט געגעהרטער, קינסטליך געמאכטער יוגענד.

איהר פנים מיט די בעהאלטענע קנייטשען, וועלכע קינסטלע־רישע הענד גלעטען אויס יעדען טאג, איז געווען בעדעקט מיט א בלאסער ראזע־פארב, וואס נאר א נאהענטער בעאבאכטער האט גע־קענט בעמערקען, אז ס'איז פאליש, און די קליינע פערעלדיגע ווייסע צייהן האבען אזוי ליעב געשמייכעלט, אז איהר האט זיי פער־צייהעט זייער טויטע פאלשקייט, בלויז די גלאנציגע שווארצע האר האבען געשריען: „מיר זיינען געפארבט". ווייטער האט אלעס גע־קענט מיטגעהן, ס'האט אויסגעזעהן שעהן...

איהרע געשמאקפולע קליידער האבען נעט בעדעקט איהר שלאנ־קע פיגור, בלויז די אויגען מיט זייער טרויעריגען אויסדרוק האבען זיך געבעטען: „גוואלד, גיט מיר צוריק מיין יוגענד, גיט מיר מיין יוגענד!"

איהר קלאגע געגען דעם ישעהנעם מיטעל־יעהריגען אנגעקלאגטען איז נעווען, אז זי האט איהם געגעבען א סך געלד, ער זאל אריינלעגען אין ביזנעס. ער האט איהר צוגעזאגט א גרויסען פראפיט און צום סוף האט זי קיינמאל פון איהם ניט צוריקגעקראגען קיין איין סענט.

באלד אין אנפאנג האט מען פערשטאנען, אז דער פראצעס וועט זיין סענסאציאנעל, ווייל דער אנגעקלאגטער האט ערקלעהרט, אז ער וועט אויף איהר אזעלכע זאכען דערצעהלען, אז זי וועט בעוויינען דעם טאג, וואס זי האט איהם פערקלאגט.

און ער האט זייןווארט געהאלטען. ער האט דערצעהלט, אז די עלטערע פרוי איז געווען זיין געליעבטע פאר די לעצטע עטליכע יאהר, אז ער האט זי פיעל מאל פערלאזען, אבער זי האט איהם אימער מיט געוואלד צוריק גערופען.

דער מאן האט גערעדט אין דעם טאן פון איינעם, וואס האט אלץ פערלארען, וואס זוכט א וועג ווי זיך צו ראטעווען און טהוט עס אויף דעם עקעלהאפטסטען אופן.

— זי האט מיך שטארק געליעבט, יעדעס מאל ווען איך האב זי פערלאזען, האט זי זיך געוואלט דאס לעבען נעהמען — האט ער ערקלעהרט, קוקענדיג פרעך אויף דער פרוי'ס צוויי טעכטער וועלכע זיינען געזעסען אזוי ווי זייער מוטער מיט אראבגעלאזענע קעפ.

— איך וויים גאר ניט ווי א פרוי אין איהרע יאהרען קען אזוי לעבען, האט ער ווייטער גערעדט מיט א שטאלצען שמייכעל, זי האט מיך אזוי ליעב געהאט! איך דענק, זי וואלט אפילו איהרע קינדער פערקויפט ווען איך וואלט איהר געהייסען. —

און פיהלענדיג זיך שטארק האט ער פארטגעזעצט:

— דאס געלט האט זי געגעבען אהן א ווארט, איך בין געווען איהר בעסטער פריינד. איך האב זיך גענויטיגט אין געלט, האט זי מיר ארויסגעהאלפען. ווען איך וועל האבען וועל איך עס איהר אומקעהרען. —

ווידער האט גערופען דער דיסטריקט אטוירני די פרוי אויף דעם וויטנעס סטענד און אלע זיינע געווען זיכער, אז איצט וועט זי גע־ווים אבלייקענען זיין שענדליכע בעשולדיגונג.

איהרע טעכטער האבען נערוועז געקוקט אויף איהר, ווען זי איז מיט לאנגזאמע טריט ארויף אויפ'ן וויטנעס־סטענד.

„וואס האט איהר צו זאגען וועגען דעם אנגעקלאגטען'ס בע־שולדיגונג?" האט געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— עס איז ניט אמת! — האט זי אויפגערעגט, אבער שוואך געענטפערט. דער אנגעקלאגטער האט א לייכטען צוויי־דייטיגען הוסט געטהאן, און זי האט מיט א לייכטען ציטער א טיעפען בים געטהאן איהרע געפארבטע ליפען.

א ווייל איז געווען שטיל. פון דעם אנגעקלאגטען'ס פריינד זיינען געקומען בליקען פול מיט האס, בליקען וואס האט זיך גע־דאכט, אז זיי שיסען די פרוי. פון איהרע פריינד איז איהר צוגע־שיקט געווארען מוטה, איהרע צוויי שעהנע טעכטער האבען מיט האפנונג און געבעט געקוקט אויף איהר, און זי האט געשוויגען.

אויף א סעקונדע האבען איהרע אויגען בעגעגענט דעם אנגע־קלאגטען'ס בליק, און אין דער זעלבער רגע האט זיך איהר גאנצער קערפער ווי געביטען. אויף איין מאל האבען זיך ארויסגעזעהן איהרע ריכטיגע יאהרען, שרייענדיג איז געווארען די פארב אויף איהר פנים, — זי איז געווארען אלט...

אהן לשון האבען זיך איהרע איינגעפאלענע ליפען בעוועגט. עס איז איהר שווער געווען צו רעדען. פעסט האבען זיך איהרע נע־געל אריינגעדריקט אין האלץ פון שטוהל איהר גאנצער קערפער האט זיך געטרייסעלט, דערצעהלט פון א שרעקליכען אינערליכען קאמפף.

שפעטער איז געקומען איהר שטימע, אזוי ווי פון זעהר ווייט:
„איך וויל דערצעהלען דעם אמת".

און דעם מאל האבען זיך איהרע נעגעל טיעף אריינגעפרעסט אין דעם ווייסען פלייש פון איהר האנד. ענטשלאסען האט זי זיך

אויסגעצויגען, אזוי ווי זי וואלט געזעהן מיעד, און אין א געבראכע־נער שטימע דערצעהלט:

— ווען איך בין נאר קוים אלט געווען זיבצעהן יאהר, האב איך חתונה געהאט פאר געלד, מענשען פון אונזער קרייז מוזען האבען געלד, אז מען האט אליין ניט. פערקויפט מען זיך. מיין מוטער איז געווען אן אלמנה און זי האט מיך ערצויגען ווי עס פאסט פאר א מיידעל וואס וועט הייראטען מיט א רייכען מאן.

— איך האב געהאט געלד, אבער מיין לעבען איז געווען מיזער־ראבעל, פול מיט ליידען, אהן א שטראהל פון ליעבע אדער גליק — און איהרע אויגען האבען מיט געבעט געקוקט אויף איהרע קינדער.

— מיט מיר האט פאסירט די געוועהנליכע געשיכטע פון א פרוי, וואס ליעבט ניט איהר מאן. איך האב געזוכט ליעבע. ווען איך האב זיך מיט א י ה ם בעקענט, האב איך א לאנגע צייט מיט זיך געקעמפפט. ענדליך בין איך געווארען זיין געליעבטע.

— ווען מיין מאן איז געשטארבען פון אן אויטאמאביל אונגליק, האב איך איהם עטליכע מאנאטען שפעטער געבעטען, ער זאל מיט מיר הייראטען. מיין לעבען איז געווען א שרעקליכער ליגען! עס האט מיך ניט געארט, וואס איך נאר מיין מאן, ער האט מיך אב־געגנארט עטליכע טעג נאך אונזער חתונה... עס האט מיך געארט פאר מיינע קינדער, פאר זיי האב איך מורא געהאט.

איהרע אויגען האבען געזוכט די אויגען פון איהרע טעכטער, אבער זיי האבען אויף איהר ניט געקוקט.

— ער האט געענטפערט: איך בין צו אלט הגם איך בין בלויז מיט דריי יאהר עלטער פון איהם. אבער מיין געלד האט ער פון מיר דאך אויסגענארט.

ווען די דזשורי האט איהם ערקלעהרט פאר שולדיג, האט זי מיט לאנגזאמע טריט פון אן אלטער פרוי אנגעשפארט אויף איהרע קינדער פערלאזען דעם קאורט זאל. איהרע אויגען, וועלכע זיינען גע־ווען רויט פון וויינען, האבען מיט מיטלייד געקוקט אויף איהם.

# דעם דאָקטאָר'ס פרוי.



י מוז געהן אין פריזאן, יור האָנאָר!

— אָבער ווארום? — האָט מיט א גוטמוטהיי־גען שמייכעל געפרעגט דער ריכטער.

— ווייל זי איז אַ גנב'טע!

— וואָס האָט זי ביי אייך גע'גנב'עט?

— וואָס? וואָס? — און פּלוצלונג איז די פרוי אויף דעם עדות שטוהל געוואָרען זעהר מדויעריג. זי האָט אַ טיעפען זיפץ געטהאָן און מיט אַ שטילערער שטימע צוגעגעבען: — זי האָט ביי מיר גע'גנב'עט די בראַנזועטע סטאַטועטקע פון ביכער־שראַנק. איך האָב דאָס אליין געפונען אין איהר האַנד־טאַש!

— איהר קענט זי?

— ניין, איך בין ניט בעקאַנט מיט אַזעלכע פּערזאָנען! — האָט די פרוי געענטפערט און שטאָלץ פאַררוקט איהר קאָפּ. אַ שעהנער קאָפּ איז דאָס געווען, מיט געדיכטע געקרויזטע האָר, אָבער די ברוינע זיידענע לאָקען זיינען געוועזן געמישט מיט גרויע. איהר פנים איז געווען פאַרזאָרגט, אָבער עס האָט געהאַט שפּורען פון שעהנהייט. זי איז געווען הויך, עלעגאַנט, און מיט זעהר אַ שטאָל־צער האַלטונג.

— ווי קומט זי צו אייך אין הויז?

— איך האָב זי עטליכע מאָל געזעהן אין אָפיס. מיין מאַן איז אַ דאָקטאָר. נאָך דאָס ערשטע מאָל אַז זי איז געקומען, איז זי מיר ניט געפעלען. עפּעס האָט זי זיך צופיעל ארומגעקוקט. אַז זי איז געקומען דאָס דריטע מאָל, האָט זי אַ לענגערע צייט פאַר־בראַכט מיט דעם דאָקטאָר. דערווייל איז אַנגעקומען נאָך אַ פאַר־

צ׳ײגט, װאָס האָט געװאָרט אין אױפנאהמס־צימער. עפּעס האָב איך באַלד בעמערקט, אז די סטאַטועטקע (פינף און אכטציג דאלאר האָב איך בעצאָהלט דערפאר), אז די סאַטועטקע איז ניט אױף דעם ביכער־שראַנק. איך האָב גענומען זוכען, זוכען אומעטום, אָבער איך האָב ניט געקאָנט געפינען.

— װאָס האָט װײטער פּאסירט ? — האָט געפרעגט דער דיסט־ריקט אַטוירני.

— זי איז ארױסגעגאנגען. מײן מאַן האָט זי בעגלײט. „האסטו אפשר געזעהן די סטאַטועטקע ?“ האָב איך איהם געפרעגט. ער האָט געזאָגט „נײן“, און גראדע דאן האָב איך געזעהן, װי ז י נעהמט איהר האנד־טאַש און װיל געהן. דאָ איז מיר אײנגעפאלען, אפשר האָט זי עס ? און װען איך האָב זי געבעטען עפענען דעם האַנד־טאַש, און זי האָט זיך ענטזאגט, האָב איך מיט געװאַלד געעפענט און דאָרט, אין איהר האנד־טאַש, געפונען מ י י ן סטאַ־טועטקע. איך זאָג איך, זי מ ו ז געהן אין פּריזאָן !

דער אָנגעקלאַגטער׳ס לאָיער האָט מיט זעהר א העפליכען שמײ־כעל זי גענומען אױף א קרײץ־פערהער :

— מאַדאַם, איז עס ניט אמת, אז זײט די לעצטע עטליכע יאהר זײט אירה זעהר אײפערזיכטיג אױף אײער מאן, דעם דאָקטאָר, און אז איהר מאכט פערשיעדענע סצענעס אין זײן אָפיס ? !

— װאָס האָט דאָס צו טהאָן מיט דער „קײס“ ? — איז די פרױ געװאָרען רױט פון אױפרעגונג.

— זעהר פיעל, מאדאם ! איז ניט אמת, אז יעדעס מאָל װען די אָנגעקלאַגטע איז געקומען צו אײער מאן אין אָפיס, האָט איהר זי אָנגעקוקט מיט זעהר פארדעכטיגע בליקען ?

— װער האָט איהר געהײסען קומען אזױ אָפט ?

— און אז יעדעס מאָל, װען שעהנע פרױען פּאציענטינס קו־מען צו אײער מאן, האנדעלט איהר אזױ ?

— ז י רופט איהר שעהן ? ! — האָט זיך מיט שפּאָט צולאכט די שטאָלצע פרױ. — רױטע באקען און שװארצע אױגען הײכט

שעהן? זי האט דאך אפילו ניט א י י ן שעהנעם איידעלען שטריך אין איהר פוייעריש פנים; ניין, איהר קענט מיר ניט איינ־ריידען, אז איך בין געוועזען אויף א י ה ר אייפערזיכטיג.

— טא קענט איהר מיר זאגען, מאדאם, ווארום איהר זייט עט־ליכע מאל אריין מיט אן אויסרייד איז אייער מאנ'ס אפיס יוען זי איז דארט געווען, טראץ דעם, וואס איהר ווייסט, אז אזוינס טהוט מען ניט, און אייער מאן האט אייך דאס פערבאטען?!

— ווייל איך האב געוואלט! — אין א פער'עקשנ'טען טאן

— קענט איהר מיר אפשר דערצעהלען, ווי האט איהר גע־וואוסט צו זוכען גראדע אין מיין קליענט'ס האנד־טאש אייער סטאטועטקע?

— ווייל, ווייל, איהר אויסזעהן איז מיר ניט געפעלען!

— כ'האב מורא, מאדאם, אז זי איז אייך אינגאנצען ניט גע־פעלען, און אז איהר האט מורא געהאט, אז זי איז אייער מאן צו שטארק געפעלען, און ד א ר י ב ע ר איז אייער סטאטועטקע פלוצים אריינגעפאלען צו איהר אין האנד־טאש. בין איך גערעכט?

די פראגע האט דער אדוואקאט בעגלייט מיט אזא דורכדרינגענ־דען בליק, אז די פרוי איז רויט געווארען. אבער זי האט זיך באלד פערכאפט און גענומען שטארק פראטעסטירען און זאגאר זידלען דעם אדוואקאט. וועלכער האט זיך רוהיג געשמייכעלט.

דער אנדערער פאציענט, וואס האט זיך צו יענער צייט גע־פונען אין אפיס, איז געוועזען א מאן און ער האט בעשטעטיגט דער פרוי'ס בעהויפטונג, אז די סטאטועטקע איז געווען אין דער אנגע־קלאגטער'ס האנד־טאש.

דער דאקטאר איז געווען שטארק נערוועז, ווען ער איז גערו־פען געווארען.

ער איז געווען א יונג־אלטער מאן פון איבער פופציג, פעסט גע־בויט מיט א שעהן אפגעריס פנים.

— איהר האט אויך געזעהן די סטאטועטקע אין דער יונגער פרוי'ס האנד־טאש?

— ניין, איך האָב ניט געוואָרט צו זעהן קיין זאך. אז איך האָב דערהערט מיין פרוי מאכט קולות, בין איך צוריק אריין אין מיין אַפּיס. כ'האָב פיינט סצענעס.

און מעהר האָט ער קיין זאך ניט דערצעהלט.

הערפאר אָבער איז דאָס מיידעל, מיט די רויטע באקען, געווען זעהר שטאַרק איינגערעגט, ווען זי איז ארויף אויף דעם ווייטינג־שטוהל ווי פארטהיידיגען.

— אזאַ פרעכהייט! איך בין אַ נוירס, איך קום צו פיעלע דאָקטוירים אין אָפּיס, אָבער אזא אייפערזיכטיגע פרוי האָב איך נאָך ניט בעגעגענט!

— און זיצט איהר אויף דעם שויס פון אַלע דאָקטוירים צו וועלכע איהר קומט? — האָט די פרוי ווילד אויסגעשריען. איהר פנים איז פערלאָפען געוואָרען מיט בלוט. אפילו די ווייסלאך פון איהרע אויגען זיינען געווען רויט איהר הוט האָט זיך פארדרעהט אויף אַ זייט, און זי האָט מיט כעס געביסען איהרע ליפען.

דער דאָקטאָר האָט אַרויסגעקוקט דורך דעם פענסטער און שווער געשלונגען...

און די אָנגעקלאָגטע מיידעל האָט זיך הילכיג צולאַכט:

— צוליעב דעם מאכט איהר אַ גנב'טע פון מיר?! איהר שעהמט איך ניט? וואָרום פארלאַנגט איהר ניט אייער מאַן פאַר אַ גט, אז איהר זייט אזוי אייפערזיכטיג? איהר סטאַטועטקע איז גאר געווען אין מיין האנד־טאַש! ניט אַ שלעכטער פלאַן, מאדאם. טאַקע נאר אַן אייפערזיכטיגע פרוי קען האָבען אזאַ משוגענעם איינפאַל. גאָט מיינער, ווי האָט זי געוואגט?!

דאָס מיידעל איז געוואָרען אזוי ווילד, זי האָט זיך געלאָזט לויפען צו דער קלערקין. עס איז איהר געווען שווער זיך צו קאָנטראָלירען. אין געריכט זאַל איז געוואָרען אַ גרויסער טומעל.

די קייס האָט דער ריכטער ארויסגעוואָרפען. „ניט גענוג בעווייזע", האָט ער ערקלערט.

די מיטעל־יעהריגע פרוי איז געבליבען זיצען מיט איהר האַלב־

גרויען קאפ אין ביידע הענט, און די ארום איהר האבען געקענט הע־
רען איהר שטיל כליפּען.

ווען דאס ערשט־בעפרייטע מיידעל איז נעבען איהר פארביי־געג־
גאנגען, האט זי רייצענדיג זיך געזאגט: „איהר וועט פאר דעם
מייער בעצאהלען, מאדאם, וועהר מייער! ניט נאר מיט געלט —
מיט נאך און נאך!

דער דאקטאר האט אליין פערלאזען דעם קאורט־רום...



# די ליגנער.



אגען א ליגען אין קאורט איז ניט קיין נייעס. אמת, יעדער, וואס האט עפעס דארט צו דערצעהלען, מוז עס טהאן אונטער דער שבועה, אז ער וועט זאגען דעם אמת. און דאך איז א ליגען גאר אן אפטע ערשיינונג אויף דעם וויטנעס סטענד.

מען זאגט דארט ליגען, כדי זיך צו ראטעווען מאנכע זאגען ליגען פאר געלד און פיעלע דערפאר, ווייל עס הענגט אויפ'ן וואג־שאל דער שיקזאל פון זייערע ליעבע.

עס איז פראצעסירט געווארען א געוועזענער שטאדט בעאמ־טער אונטער דער קלאגע, אז ער האט גענומען כאבאר פון אונאנ־שטענדיגע הייזער.

ער איז געווען א הויכער מאן, נאהענט צו פופציג, זיינע האר זיינען ארום די אויערען געווען גאנץ וויים, די שטרענגע אויגען זיינען געווען האלב פערמאכט און די ברייטע פלייצעס געבויגען.

א נידריגע פעטע פרוי איז געווען דער הויפט־עדות געגען איהם.

אונטערטהעניג האט זי געהאלטען די ביבעל אין האנד און הויך נאכגעזאגט דעם בעאמטען די שבועה צו דערצעהלען דעם אמת.

זי איז אכט און דרייסיג יאהר אלט און איז ביז לעצטען מאנאט געווען די אייגענטהימערין פון אן אונאנשטענדיג הויז. זי קען דעם אנגעקלאגטען מעהר ווי צוועלף יאהר, און זי האט איהם גע־צאהלט יא מאנאטליכען געהאלט, כדי ער זאל צומאכען אן אויג און ניט אויסזאגען אויף וואס פאר א וועג זי מאכט איהר געלד.

דאס אלעס האט זי דערצעהלט מיט א קאלטער ניעדריגער שטי־

מע. איהרע אויגען האבען זיך אביסעל אנגעצונדען מיט האס, ווען זי האט ווייטער גערעדט.

— איהם האבען ניט געארט שלעכטע צייטען. ער האט ניט געוואלט וויסען, אז מען פערדיענט ניט. ענדע מאנאט האט ער געשיקט זיין קאלעקטאר און איך האב געמוזט געבען. עס איז מיך נים אזוי פאר מיר, ווי פאר אנדערע. עס זיינען דא אזעלכע ארימע פרויען, וואס מאכען איז געוויסע מאנאטען קוים אויף רענט, און דאך האט ער פון זיי געריסען די הויט. — האט זי צוגעגעבען מיט א רחמנות פנים.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם צוועלפטען אפריל, — האט ניט זאגט דער אסיסטענט דיסטריקט אטוירני.

— אה, דעם צוועלפטען אפריל! יענעם אבענד האב איך אליין איהם, אין זיינע אייגענע הענד, איבערגעגעבען דאס געלד.

— וואו איז דאס געווען? — האט ער ווייטער געפרעגט.

— אין מיין הויז.

— איז ער צו אייך אמאל געקומען?

— יעס, — איז לאנגזאם געקומען דער ענטפער.

— נאך געלד?

— ניין. — א וויילע האט זי נאכגעטראכט, זיך ארומגעקוקט אין געריכטס-זאל, געקוקט אויף דעם אנגעקלאגטען. פון איהם האבען איהרע שפיציגע אויגען אוועקגעוואנדערט אין יענעם ווינקעל, וואו עס זיינען געזעסען פיער טרויעריגע פרויען, דעם אנגעקלאגטענ'ס פאמיליע. עטליכע סעקונדען האט זי זיי בעטראכט, דער אויסדרוק פון רחמנות אויף איהר פנים איז לאנגזאם פערשוואונדען. אויף די פולע רויטע ליפען האט זיך געלעגט א שפאטישער שמייכעל, א שלעכטער נקמה-שמייכעל, וועלכער האט זיך פערשפרייט איבער דעם גאנצען פעטען, געפארבטען פנים, און ווען דער שמייכעל האט דערגרייכט ביז די אויגען, האט זי ערקלעהרט: — ער איז געוועזן מיין געליעבטער.

דער אנגעקלאגטער האט פערדעקט זיין פנים מיט איין האנד. אויף דער צווייטער האט ער אנגעשפארט זיין ווייסען קאפ.

די עלטסטע פון די פיער פרויען, א געבויגענע, אויסגעדארטע, האט העפטיג געשאקעלט מיט איהר קאפ אויף „ניין" די מיטעל־יעהריגע נעבען איהר האט מיטביידע הענד פערדעקט דאס פנים. די הענד זיינען געווען ווייסע, מיט א סך דימענטען. די צוויי אינ־נערע האבען שטאר געקוקט פאר זיך.

— האט ער יענעם אבענד מיט אייך פערבראכט? — האט ווייטער געפרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— געוויס, ער פלעגט צו מיר קומען גאנץ אפט, אבער דאס האט איהם ניט אבגעהאלטען פון קאלעקטען ביי מיר. וועגען דעם פלעגט ער קיינמאל ניט וועלען רעדען, זיין קאלעקטאר איז געקומען יעדען מאנאט און דערפאר האב איך איהם טאקע אנגעפאנגען צו האסען און איך האב בעשלאסען, אז איך מוז איהם אבטהאן און איך האב אבגעטהאן! — דא האט זי זיך הויך צולאכט.

— וואס האט איהר געטהאן?

— איך האב געהייסען זיין קאלעקטאר קומען יענעם אבענד נאך די געלד. דער ארימער יונג האט ניט געוואוסט, אז זיין באס וועט אויך דארט זיין. איך האב אויסגעשטרעקט מיין האנד מיט דאס געלד צום יונגען מאן, דאן האב איך מיין האנד צוריקגעצויגען און דאס געלד געגעבען דעם אנגעקלאגטען. ער האט זיך וואהרשיינ־ליך פערגעסען און עס אין פאקעט געלעגט, וען איך האב צו איהם געזאגט: „עס איז דאך אלץ איינס, סיי ווי געהט דאך דאס געלד צו דיר", האט ער מיר ניט געענטפערט.

מיט דעם האבען זיך איהרע אויסזאגונגען געענדיגט.

צו דער פערטיידיגונג זיינען גערופען געווארען די פיער פרויען. דורך זיי האט מען געוואלט איבערצייגען, אז אלעס וואס די פרעה־ליכע פרוי זאגט איז ליגען, מען האט געוואלט איבערצייגען, אז אין יענער צייט האט ער גאר פערבראכט ביים קראנקען בעט פון זיין שוואגער.

צוערשט איז גערופען געווארען א יונג מיידעל, זיין טאכטער. שמאלין איז זי געשטאנען מיט דעם ביבעל אין האנד און געשוואו־רען דעם אמת צו דערצעהלען. אין דערצעהלט האט זי:

— מיין אָנקעל איז געווען קראַנק, מיין פאָטער איז מיט אונז צוזאַמען ביי זיין בעט געזעסען יענעם אבענד.

— איהר זייט זיכער?

— זיכער.

דער צווייטער עדות איז געווען אַ שוועסטער, וועלכע האָט געשוואָרען, אַז איהר מאַן איז געווען קראַנק, אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט יענע נאַכט אין איהר הויז פערבראַכט.

די שעהנע מיטעל־יעהריגע פרוי איז געווען זיין פרוי. זי האָט פעסט צוגעדריקט דעם ביבעל צו איהר האַרץ, אין איהרע אויגען האָבען זיך צוויי ניט־פערגאָסענע טרעהרען בעוויזען.

— עס איז ניט אמת, ניט אמת. ער איז יענע נאַכט מיט אונז געזעסען, פון בעט ניט אָבגעטראָטען.

די אַלטע געבויגענע פרוי האָט הויך געוויינט ווען זי האָט גע־שוואָרען צו דערצעהלען דעם אמת:

— ער איז מיין קינד. איך בין זיכער ער קען קיין שלעכטס ניט טהאָן. ווי קענט איהר גלויבען אַזאַ אויסגעלאַסענע פרוי?

און זי האָט אויסגעשטרעקט איהרע הענד צו דער דזשורי. און ווען דער דיסטריקט אַטוירני האָט זי געפרעגט מיט אַ סאַרקאַסטי־שען שמייכעל, אויב אויך זי האָט איהר זוהן יענע נאַכט געזעהן, האָט זי פערמאַכט איהרע אויגען אויף אַ ווייל. אויף איהר פּנים האָבען זיך בעוויזען בלאַסע, אָנגעשטרענגטע אָדערען. לאַנגזאַם האָט זי געעפענט די אויגען און מיט אַ שוואַכער שטימע געענטפערט:

— יע.

אירָאַניש האָט דער דיסטריקט אַטוירני גערעדט אין זיין שלוס־רעדע:

— געוויס זיינען זיי עהרליכע גוטע פרויען אָבער וועלכע גוטע פרוי וועט ניט זאָגען אַ ליגען צוליעב אַ געליעבטען מענשען.

די דזשורי האָט געגלויבט דער גאַסען־פרוי און ווען זיי האָבען אַרויסגעזאָגט דעם אורטהייל, האָבען זיך די פיער „גוטע“ פרויען הויך צואַוויינט.

# אַ ליעבע מיט פּעטש.



האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן עק פון'ם גרויסען עדות שטוהל. ערשט האט זי די פיס אויסגע־שטרעקט גראד פאר זיך, אראבגעקוקט אויף זיי, עפּעס ווי זיך דערשראקען און זיי שנעל בעהאל־טען אונטער דעם שטוהל.

איהרע רויטע, אויסגעארבייטע הענד האבען פּעסט אנגעהאל־טען די זייטלעך פון שטוהל. דער פעסט־געבויטער קערפּער איז געווען אביסעל צוזאמען געצויגען, אזוי, ווי זי וואלט מורא געהאט. און די אויגען, ברוינע, גלאנציגע, האבען מיט שרעק געקוקט אויף דעם געקרויזטען קאפּ פון'ם אנגעקלאגטען.

— איהר זייט געווען זיין כלה? — האט געפרעגט דער דיסט־ריקט אַטוירני.

— יע, — ענטפערט זי דערשראקען.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם.

די מיידעל לאזט אראפּ דעם קאפּ, לעגט צו אַ פינגער צום מויל, הויבט אויף די אויגען ווי בגנבה און ווען זיי בעגעגענען דעם שאר־פען בליק פון אנגעקלאגטען, דערשרעקט זי זיך און קוקט מיט אַ שטום געבעט אויף דעם יונגען ריכטער.

— דערצעהלט! — בעפעהלט דער ריכטער מיט ניט זעהר אַ פריינדליכען טאן. און דאס מיידעל דערצעהלט:

— מיר האבען זיך בעקענט מיט פּופּצעהן — לאמיר זעהן — מאקע מיט פופצעהן מאנאטען צוריק. ער האט זיך באלד פערליעבט אין מיר. — דא ווערט זי פערשעהמט. אויף דעם ביטרען פּנים

פון דעם אנגעקלאגטען לויפט שנעל פארביי א שפאטישער שמייכעל. זי קוקט ווידער מיט געבעט אויפ'ן ריכטער און דערצעהלט ווייטער:

—מיר זיינען געוואָרען פערלאָבט, ער האָט געוואָלט געהן אין ביזנעס, האָב איך איהם אוועקגעגעבען מיינע דריי הונדערט און פופציג דאלאר. אבער צוערשט האָב איך געזאָגט, לאָמיר ארויסנעהמען מערידזש לייסענס, האָבען מיר גענומען. ער האָט מיר אלץ געפאָלגט.

די חתונה האָבען מיר אָבגעלעגט אויף נאָך פסח. ער האָט זיך ערשט געוואָלט ארויפארבייטען. האָט ער געזאָגט, גוט. איך בין געווען צופריעדען, גיב איך איהם דאָס געלד, און ער, ער איז אוועק.

דאָ האָט זי זיך הויך צוואויינט. די רויטע אויסגעארבייטע הענד האָבען געציטערט, געווישט די טרעהרען און געציטערט.

— וואָס האָט ווייטער פאסירט? — פרעגט דער דיסטריקט אטוירני.

— ווייטער? ער איז אוועק און איך האָב געקלאָגט און געיאָמערט. ס'האָט מיר אזוי לאנג גענומען ביז איך האָב דאָס געלד אָבגעשפּאָרט. און ליעב, ליעב האָב איך איהם דאָך אויך געהאט! — און ווידער האט זי זיך צוואויינט אויפ'ן קול.

דער אנגעקלאָגטער האָט זיך געסור'עט מיט זיין אדוואָקאט. זי האָט אויף איהם א רגע געקוקט, און ניט בעקומענדיג קיין ענטפער אויף איהר שטומען בליק, האָט זי ענטשלאָסען פאָרטגעזעצט:

— כ'האָב געוויינט, געקלאָגט. נו, אוועק איז פערפאלען. כ'האָב שוין באלד פערגעסען, כ'האב שוין גענומען ניי געלד שפּאָרען. איז וואָס טרעפט זיך מיר? איך געה אין סטריט מיט מיין שוועסטער און מיר רעדען. פון וואָס רעדען מיר? שטענדיג פון איהם און פון דעם געלד. אויף איינמאל טהוט מיך מיין שוועסטער א כאפּ ביי דער האנד, אז אָט מיין איך, רייסט זי מיר אב די האנד. „וואָס איז?“ — שריי איך, און זי רעדט נישט, נאָר ווייזט מיר מיט א פינגער אויף א מאַן מיט אַן אראָבגעצויגענעם העט. כ'האָב איהם

באַלד דערקענט. ביידע זיינען מיר איבערגעלאָפּען די גאַס, ער האָט אונז אפּנים דערקענט, ער איז ארייננגעלאָפען אין אַ האַלל און מיר נאָך איהם.

— רשע, גיב אַב דאָס געלד! — האָט געשריען מיין שוועסטער. איך האָב געשוויגען. איך האָב איהם נאָר פעסט געהאלטען ביים אַרבעל. פּלוצלונג האָט ער זיך גענומען רייסען מיט מיר, ער האָט געוואָלט אַנטלויפען. מיט זיין פרייער האנד האָט ער מיר דער־לאַנגט צווישען די אויגען, אז ס'איז מיר געוואָרען פינסטער, אָבער איך האָב איהם געהאלטען. די שוועסטער איז געלאָפען נאָך אַ פּאָליסמאַן, ער האָט זיך געריסען מיט מיר, מיך געשלאָגען, אָבער איך האָב איהם געהאלטען ביים ארבעל.

דער אַנגעקלאָגטער מיט זיינע קליינע שפּיציגע אויגען האָט דורכדרינגענד געקוקט אויף דער מיידעל. זי האָט זיך אַ דערשראָ־קענע צוזאמענגעצויגען אין דעם גרויסען עדות־שטוהל.

די דזשורי לייט זיינען געווען גראָהע, כמעט לויטער אַלטע מע־נער. ערנסט האָבען זיי געקוקט אויף דעם דערשראָקענעם מיידעל מיט די רויטע אויסגעארבייטע הענד.

דער אַנגעקלאָגטער האָט געקוקט פון דער מיידעל צו דער דזשורי און שטיל, אויפגערעגט גענומען רעדען מיט זיין לאָיער

דער אדוואָקאט האָט זיך אוועקגעשטעלט און דראמאטיש ער־קלעהרט:

— דער אַנגעקלאָגטער איז צופריעדען צו הייראטען מיט דער קלעגערין.

א פריידיגער „אָה" האָט זיך ארויסגעריסען פון דער מיידעל'ס ברוסט.

עטליכע סעקונדען האָט זיך דער ריכטער בעראטהען מיט'ן דיסטריקט אַטוירני. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דאָס מיידעל איז דער איינציגער עדות, אז ער האָט ביי איהר צוגענומען דאָס געלד, און ווי מען זאָל דער מיידעל ניט גלויבען, קען מען איהם דאָך ניט פערארטיילען אויף די אויסזאָגונגען פון איין עדות

אהן דער בשטעטיגונג פון אַ צווייטען. ענדליך האָט דער ריכטער איינגעווילינט אָנצונעהמען דעם פאָרשלאַג פון דעם אָנגעקלאָגטען, אָבער צוערשט האָט ער זיך געווענדעט צו דער מיידעל:

— זייט איהר ווילינ איהם צו הייראטען?

„יע“, האָט זי קוים הערבאר ארויסגעקרעכצט.

אין עטליכע מינוטען שפּעטער זיינען זיי צוזאמען ארויס פון קאָורט־רום. איהר רויטע, אויסגעארבייטע האנד האָט איהם אויך איצט אָנגעהאלטען ביים ארבעל, אָבער די אויגען האָבען איצט גע־שיינט מיט פרייד און מיט ליעבע, מען האָט לייכט געקענט זעהן, אַז זי האָט אפילו פערגעסען אָן די פּעטש.



# שוועסטערלאך.



ונאים זיינען זיי זיך געווען אַט די צוויי קליינינ־קע שוועסטערלאך.

אין בעזונדערע ווינקלען פון געריכט זאל זיינען זיי געזעסען און געוואָרפען בייזע, מיט האַס אַנגעפילטע בליקען איינע צו דער אַנדע־רער.

שעהנע אויגען האָבען זיי געהאַט, גרויסע, שוואַרצע, פון ז ו ע ל כ ע עס האָט ארויסגעקוקט די אונשולדיגע קינדהייט. ניט קוקענדיג אויף דעם בייזען אויסדרוק אין זיי.

און זעהר פערשיעדען זיינען געווען זייערע קליינע פנים'לאך. די אין רעכטען ווינקעל האָט געהאַט אַ מיעדען אויסדרוק אין איהר פּניב איהרע אויגען האָבען געציינט שפורען פון געוויין. איהר מויל איז געווען אַ קליינס, מיט אַ זעהר חנ'עוודיגען שמייכעלע, די נאָז אַ גראָדע אויך אַ שעהנע. זי האָט אויסגעזעהן אזוי יונג, אזוי קינדיש, אז עס האָט זיך שווער געגלויבט, אז זי איז שוין באַלד 15 יאָהר אלט.

דערפאַר איז אָבער די מיט צוויי יאָהר אינגערע מיידעל, וועלכע איז געזעסען אין לינקען ווינקעל, געווען גראָד דער געגענזאַץ פון איהר שוועסטער. זי האָט געהאַט אַן אויפגעשאַרצט נעזעל, און דאָס האָט צוגעגעבען איהר גאַנץ פּנים אַ פרעכען, אָבער זעהר חנ'עיודיגען אויסדרוק. איהרע ליפּען זיינען געווען דיקלאַך און האָ־בען דערצעהלט סודות, פון וועלכע די קליינינקע מיידעלע וואָלט נאָך ניט געדאַרפט וויסען...

זי איז געווען פיעל עלעגאנטער געקליידעט ווי איהר עלטערע שוועסטער, און זי האָט זעהר אָפט געשמייכעלט מיט אַ צופריעדענעם נאָכלעסיגען שמייכעל.

דער האַזיגער שמייכעל איז געוואָרען ברייטער, ווען זי האָט בעשענקט מיט אַ פרעכען בליק איהר פאָטער אויף דער אַנקלאגע באנק, ווי זי וואָלט זיך מיט איהם גערייצט.

שוידערליך איז געווען צו קוקען אָט אויף דעם אַנגעקלאָגטען, עפּעס איז געוואָרען אזוי אונהיימליך, אזוי אומעטיג אויף דעם האַרצען.

זיין קין האָט אויסגעזעהן ווי אַ שווארצע באַרשט, דאָס פּנים איז ניט געווען ראזירט שוין וואָכען לאנג און דאָס האָט איהם צו־געגעבען אַ שרעקליכע ווילדקייט. אונטער אָט דעם וואָכען לאַנגען אנוואוקס פון האָר, איז פערלוירען געגאנגען דער ווייכער, כמעט ליעבליכער אויסדרוק פון זיין מויל, די טיעפע בלויקייט פון זיינע פער'חלומ'טע אויגען.

און פערקלאָגט איז ער געווען אין מאָרד ערשטען גראד. ער האָט געשאָסען זיין פרוי די מוטער פון זיינע צוויי מיידלאך.

זיין בענעהמונג אין די ערשטע טעג פון זיין פּראָצעס איז געווען אזוי אומעטיג, אזוי שטאַרק אין אנקלאנג מיט זיין פּנים.

קיין איין מוסקול האָט ער ניט בעוועגט, ווען מענשען האָבען דערצעהלט וועגען דעם שרעקליכען פערברעכען, וואָס ער האָט בע־גאַנגען.

אַ פּאָליסמאַן האָט דערצעהלט, אז דעם פריהמאָרגען נאָך דעם מאָרד איז ער געקומען אין דעם אַנגעקלאָגטענ'ס צימער, און דאָרט אין בעט מיט איין בלוטיגער האַנד פערוואָרפען אויף דער דעק, אין מיט דעם פּנים האַלב בעהאַלטען אין די קישענס, האָט ער געטראָ־פען דעם מערדער שלאָפענדיג. און ווען ער האָט איהם אויפגע־וועקט, האָט ער געפרעגט: „איז זי טויט?“ און אז דער פּאָליס־מאַן האָט געענטפערט „יא“, האָט ער צופריעדען געזאָגט: „אזוי איז גוט, פון איצט אָן וועט זי שוין זיין ריין“.

דער הויפּט עדות געגען איהם איז געווען זיין דרייצעהן יעהרי־גע טאָכטער נעלי.

— נעלי, אז דו שוועסט צו דערצעהלען דעם אמת, ווייסטו וואָס דאָס בעדייט? — האָט געפרעגט דער ריכטער.

— יאָ, אז איך וועל זאָגען אַ ליגען נאָך דעם, ווי איך שווער, וועט מיך גאָט בעשטראָפען.

— גוט, טאָ דערצעהל אונז, וואָס ווייסטו וועגען דיין מוטער׳ס טויט.

— די מאמע, די מאמע? דער טאטע האָט זי דערשאָסען! — האָט זיך דאָס מיידעל הויך צוכליפּעט. און נאָך דעם ווי מען האָט זי אביסעל איינגעשטילט, האָט דער דזשאַדזש געפרעגט:

— דו האָסט עס געזעהן?

— יאָ, יאָ, איך האָב געזעהן! — האָט זי שנעל געענטפּערט, ווישענדיג איהרע טרעהרען מיט׳ן ארבעל און קוקענדיג בייז אויף איהר פאָטער. יענער האָט מיט ביידע הענד פערשטעלט זיין פּנים, און די גרעסערע מיידעל פון רעכטען ווינקעל האָט מיט׳ן פינגער געדראָהט איהר קליינע שוועסטער. די האָט דאָס בעמערקט, און האָט טראָציג געזאָגט: „טאַקע ווייל איווא איז אזוי פרעך, וועל איך אלעס דערצעהלען!“.

דער ריכטער האָט, טרויעריג שאָקלענדיג מיט זיין גרויען קאָפּ, געזאָגט:

— ניט דערפאַר, מיין קינד, נאָר ווייל דו האָסט געשוואָרען צו דערצעהלען דעם אמת, דערפאַר דערצעהל, אבער נאָר דעם אמת, מיין קינד, ווייל גאָט אין הימעל הערט אַלעס!

דאָס מיידעלע מיט דעם פרעכען פּנים האָט זיך אביסעל דער־שראָקען, און שנעל האָט זי געזאָגט:

— ער איז אריינגעקומען, די מאמע איז געוואָרען זעהר בלאַס, ער האָט אַפּריהער געכאַפּט דעם רעוואָלווער פון אונטער זיין מאַנ־טעל און אויסשרייענדיג: „נעהם דאָס, און דאָס, און דאָס!“, האָט ער דריי מאָל אויסגעשאָסען. מיר האָבען זיך זעהר דערשראָקען.

די מאמע איז געפאלען, ער איז ארונטער פון די שטיגען און איווא איז איהם גאכגעלאפען. מעהר ווייס איך ניט!

און וואס האט די מאמע געזאגט? — האט געפרעגט רעם אנגעקאלגטען'ס אדוואקאט, אנהויבענדיג זיין קרייץ־פערהער.

— די מאמע? די מאמע? גאר ניט!

— נעלי, דו האסט געשווארען צו דערצעהלען דעם אמת!

— די מאמע האט געזאגט „ארויס פון דאנען!" און זי האט איהם גענומען שטופען.

— זייט ווען האסטו ניט געזעהן דיין פאטער?

— יעדען טאג האב איך איהם געזעהן!

— יא, זייט צוויי וואכען, אבער פאר דעם? דערצעהל דעם אמת, נעלי! האט שטיל געזאגט דער אדוואקאט.

— פאר דעם, מעהר ווי פינף יאהר. איך געדענק איהם קוים. די מאמע האט געזאגט, ער איז געווען א שלעכטער, און דעריבער קומט ער ניט אהיים!

— און דו האסט געוואהנט מיט דער מאמען?

— יא, גאנץ אליין, גאנץ אליין!

— נעלי, האט מר. מארטין ניט געוואוינט מיט אייך?

— יא. — מיט זעהר א שוואכער שטימע.

— ווי לאנג?

— עטליכע יאהר.

— און זייט ער איז אוועק?

— קיינער ניט, קיינער ניט!

— נעלי, פערגעס ניט דעם אמת! זיינען ניט געקומען עטליכע מענער צו דיין מוטער? און האבען מאנכע ניט פערבראכט וואכען לאנג צוזאמען מיט אייך אין אייער וואהנונג?

— יא, — קוים הערבאר.

און איווא, די עלטערע מיידעל, איז גערופען געווארען אלס עדות צו פערטיידיגען איהר פאטער.

זי האט זיך געהאלטען זעהר שטייף און אנהויב. מען האט ליכט געקענט זעהן, אז מיט שווערער מיה האלט זי איין איהרע טרעהרען.

— איזוא, דו האסט געוואוינט מיט דיין מוטער? — האט גע־פרעגט דער אדוואקאט.

— ניין. איך האב געוואוינט מיט מיין פאטער'ס שוועסטער. ניט ווייט פון זיי.

— וואס ווייסטו וועגען מארד, איווא?

— יא, ער האט דאס געטהאן, אבער איך בין זיכער, ער האט ניט געמיינט קיין שלעכטס! ווען זי וואלט געוועזען ארונטערגעקור־מען, ווען איך בין זי געקומען בעטען, וואלט ער דאס ניט געטהאן!

— וואס האט דיין מוטער געזאגט, ווען דו ביזט זי געקומען רופען?

— זאג דיין טאטען, ער זאל געהן צו טייוועל.

— האסטו עס איהם געזאגט?

— ניין, ער איז שוין געוועזען גענוג אויפגערעגט. איך האב גע־זאגט, די מאמע קען ניט קומען. האט ער מיך ווידער געשיקט, האט זי געזאגט, איך זאל מיך געהן אויפהענגען מיט מיין פאטער צוזא־מען. איך האב איהם דאן ווידער געזאגט, אז זי קען נים קומען.

— און דאן?

— האט ער מיך געבעטען, איך זאל איהם צייגען, וואו איז דער מאמעס וואהנונג. און דאן, און דאן, זי האט איהם גענומען ארויס־שטופען. ווען זי טהוט דאס ניט, וואלט ער זי ניט געשאסען!

און אז דער דיסטריקט אטוירני האט זי שטרענג געפרעגט: — א יא, דו האסט פיינט געהאט דיין מאמען?!

— איך ווייס ניט, אויב פיינט. אבער עס האט מיר ניט גע־פעלען איהר אויפפיהרונג, — האט דאס מיידעל מיט א טיעפען זיפץ געענטפערט.

— וואס ווייסטו וועגען איהר אויפפיהרונג?

— נעלי פלעגט מיר דערצעהלען. זי פלעגט מיר דערצעהלען וועגען אט די אלע מענער, און איך האב געוואוסט, אז דער פאפא איז צוליעב דעם אוועק.

נאך דעם איז געווען זעהר שטיל אין געריכטס־זאל. ווען דער אנגעקלאגטער איז ארויפגעקומען אויף דעם עדות־שטוהל, האט זיך זיין מינע גאר ניט געביטען. עס איז געווען זעהר שווער ארויס־צובעקומען א ווארט פון איהם. ענדליך, נאך פיעלע פראגען האט ער שטיל געזאגט:

— איך האב עס געטהאן, אז זי זאל מעהר ניט זינדיגען.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם, — האט געזאגט דער ריכטער.

— איך קען ניט. אבער דאס נויטיגע, אט איז עס: מיט פינף יאהר צוריק האב איך בעשלאסען אוועקצופאהרען אין די וועסט. די אויפפיהרונג פון מיין פרוי מיט א געוויסען מארטין האט מיך דאן געטריבען צום טרינקען, אבער איך בין געווען געצוואונגט צו זיין אן אנשטענדיגער מענש, האב איך בעשלאסען בעסער אוועקצופאה־רען. אין די פינף יאהר האב איך געמאכט געלד, אהיים בין איך ניט געקומען, וויל מיין שוועסטער האט מיך געראטען דארט צו בלייבען. איך האב פערשטאנען וואס זי מיינט. מיט דריי וואכען צוריק בין איך אהיים געקומען, איך האב זי בעגעגנט אין גאס. זי האט קוקענדיג פרעך אין מיין פנים געזאגט: „איך וועל זיין דיין פרוי אויף עטליכע שטונדען, דו קענסט מיך קויפען אזוי ווי אנ־דערע קויפען מיך!“ נאך דעם האב איך זיך גענומען צום טרינקען. און איך האב ניט געוואלט, זי זאל מעהר זינדיגען!

און אז ער איז געפונען געווארען שולדיג אין מארד צווייטען גראד, האט די עלטערע מיידעל צערטלאך געגלעט זיין ווילד בע־וואקסען פנים, און די אינגערע איז געווען בייז: „בלויז צוואנציג יאהר וועט ער זיצען, און מיין מאמע איז טויט!“ האט זי אויפגע־רעגט געזאגט.

# די „וואָהלטהעטיגע“.



י איז געווען כמעט נאָך א קינד. זעהר קליין און זעהר צושראָקען. אויף דעם עדות־שטוהל האָט זי זיך פערצווייפעלט געבראָכען די הענד און קוקענדיג מיט געבעט אויף דעם ריכטער, שטיל געזאָגט:

— אָבער איך האָב קיין שלעכטס ניט געטהאָן, איך האָב קיין שלעכטס ניט געטהאָן.

— ווי קומט איהר צו איהר אין הויז? — האָט געפרעגט דער ריכטער.

— זי האָט מיך גענומען פאר א דיענסט, האט זי מיך גענומען.

— ווער האָט אייך צו איהר געפיהרט?

— געפיהרט? קיינער ניט, איך האָב געלעזען דעם אדווערטייזמענט אין פייפער.

— וואָס איז דאָרט געווען געשריבען?

— „פערלאַנגט א מיידעל צו הויז ארבייט, א גוטע היים“.

— איהר זייט דאָך א היגע, ווי קומט עס, אז איהר האָט געוואָלט טהאָן הויז־ארבייט?

— איך האָב זעהר געוואָלט אוועקגעהן פון מיין הויז. מיין פאָטער האָט התונה געהאט, איז מיר דאָרט ניט געווען גוט, קיין ארבייט האָב איך ניט געקענט, מען האָט מיך קיין זאך ניט געלערענט. נאָר שטעהן אין קענדי סטאָר און פערקויפען סאָדא וואסער. פאר א שאָפּ האָב איך זיך געשראָקען, וויל כ'האָב געוואוסט, אז איך וועל ניט פערדיענען גענוג אויפ'ן לעבען, האָב איך בעשלאָסען בעסער צו געהן טהאָן הויז־ארבייט, אויב איך וועל קענען אריינקומען אין א גוטע הויז, — האָט זי שטיל דערצעהלט.

— ווי אַלט זייט איהר? — האט מיט אַ דורכדרינגענדען בליק געפרעגט דער ריכטער.

— דאַס זיבצעהנטע יאָהר.

דער ריכטער האָט זיך צוגערוקט נעהענטער, ער האָט ארויפגערוקט זיינע ברילען אויף זיין הויכען שטערן, און מיט אַ לאַנגען פאַרשענדען בליק געקוקט אויף דער מיידעל.

ענדליך האָט זיך די שטרענגע מינע אויף זיין פּנים געביטען. ער האָט צוריק אראָבגערוקט די ברילען. ער איז געווען איבערציינגט, אז די מיידעל דערצעהלט דעם אמת, און ער האָט זי ווייטער געפרעגט:

— און ביי איהר אין הויז?

— האָט זי מיך אַנגאַזשירט פאר צוואנציג דאָלאר אַ מאָנאַט. מיר האָט דאָס אויסגעזעהן אַ גרויס פאַרמעגען. צוואנציג דאָלאַר אַ מאָנאַט אַ חוץ וואוינונג און עסען. אָבער מיינע אַ פריינדין, פאר וועלכער איך האָב אַלעס דערצעהלט, האָט מיך דערמאַהנט, אז דיענסט־מיידלאך איז איצט אַזוי שווער צו בעקומען, און דערפאר בעצאהלט מען גוט.

און דאן?

— זי האָט מיר אָבגעגעבען א בעזונדערען צימער, אַלעס איז געווען ריין און ציכטיג, און איך בין געווען צופריעדען ביז... אָבער איך פערזיכער איך, אז איך האָב קיין שלעכטס ניט געטהאָן.

— ביז ווען?

— ביז אויף דער דריטער וואָך. און דאן האָב איך זיך אבימעל דערשראָקען. עפּעס זיינען מיר ניט געפעלען געוואָרען דער מאַדאַם'ס רייד. ווען זי האָט גענומען זאָגען, אז ס'איז אַ שאַנדע, אז אַזאַ שעהן מיידעל ווי איך דאַרף זיך פערשמוצען די הענד מיט שווערע ארבייט. עפּעס איז מיר ניט געפעלען, ווייל זי האָט מיך דערמאהנט אן אַ געוויסער פרוי אין די מוזיאום, וואס האָט אויך אזוי גערעדט צו אַ יונג מיידעל אבער יענע איז געקומען פון אַ קאַונטרי אין די מאדאם האָט מיט מיר געוואָלט טהאָן, וואָס זי האָט געיאַרט.

— ווער האט געוואוינט אין דעם הויז?

— די מאדאם און איהרע צוויי טעכטער, ווי זי האט געזאגט; זעהר שעהנע מיידלעך.

— האט איהר עפּעס בעמערקט אין הויז?

— ניין, ניט אין אנפאנג. די צוויי פריילינס, האט זי געזאגט, זיינען אקטריסעס און דעריבער געהען זיי אוועק יעדען אבענד. מיך האט זעהר ווייניג געקימערט זייערע געשעפטען. אבער אין איין פריהמארגען האב איך געטראפען זעהר א סך ליידיגע פלעשער פון וויין אין דעם עס־צימער, און די מאדאם האט מיט א שמייכעל געזאגט: „ווען דו זאלסט ניט זיין א נאר, וואלסטו אויך געקענט טרינקען וויין". גראדע דאן האט מען געקלונגען ביים טהיר, און איך בין אוועק עפענען. נאך דעם האט זי שוין קיין זאך ניט געזאגט ביז'ן אבענד.

— וואס האט זי דאן געזאגט?

— זי איז אריינגעקומען אין קיך, ס'איז געווען נאהענט צו צעהן. זי האט געהאט א פּאק מיט זעהר שעהנע קליידער און מיט א שמייכעל האט זי מיך געפרעגט? „ביזט נאך אלץ ביזי?" „יא". האב איך געזאגט. „ווייסטו, כ'האב מיט דיר גרויס מיטלייד, אזא שעהן מיידעל ווי דו איז ניט געבוירען געווארען צו זיין א דיענסט. דיענסטען זאלען זיין די נאראנים, די וואס האבען ניט קיין שכל צו עפּעס אנדערש, אבער אזעלכע ווי דו איז בערעכטיגט צו די זעלבע גוטע זאכען ווי די רייכע".

— איך האב זיך דערשראקען, אבער איהר האב איך ניט גע־וואלט זאגען וועגען דעם, און כ'האב שטיל געפרעגט: „ווי קומט מען צו דעם?" און זי איז צוגעקומען גאנץ נאהענט צו מיר און גלעטענדיג מיין באק, האט זי געזאגט: „האסט אזא שעהנע הויט, ביזט אן אמת שעהן מיידעל. אזעלכע ווי דו דארף נאר בעפעהלען, און די מענער גיבען אלץ". איך בין שוין דאן געווען אזוי איבער־שראקען, אז איך האב זיך קוים איינגעהאלטען זי זאל ניט הערען דאס קלאפּען פון מיינע צייהן. „הער, טהו זיך אן אין אט די

שעהנע קליידער, און איך וועל דיר פארשטעלען פאר מיינע געסט", האט זי געזאגט, ניט בעמערקענדיג מיין אויפרעגונג. און אזוי שנעל ווי זי איז ארויס, האב איך געכאפט א קאוט און בין געלאפען. אבער איך פערזיכער אייך, איך האב קיין שלעכטס ניט געטהאן.

ווידער האט דער ריכטער זעהר לאנג און פארשענד בעטראכט דאס מיידעל, אבער דער אויסדרוק אויף איהר פנים איז געוועזן אזא עהרליכער, איהרע רייד אזוי איבערצייגענד, אז ווען דער „מאדאם'ס" אדוואקאט האט זי גענומען אויף א שטרענגען פערהער מיט געוואלדיגע קולות, האט דער ריכטער איהם כמעט בעליידיגט און געהייסען בעהאנדלען דאס מיידעל אנשטענדיג.

און דאן איז געקומען די מאדאם זיך פערטיידיגען.

מיט זיכערע טריט איז זי ארויף אויף דעם עדות־שטוהל, איהרע שיך האבען שרייענד געסקריפעט, און אלץ אויף איהר איז געווען שרייענדיג. איהר געשטאלט איז געוועזן גלייך, אויסגעצויגען און דאס געפארבטע פנים האט פרעך געשריען: „זעהט, ווי שעהן איך בין געבויט, אפילו גאט אליין האט מיך אויך ליעב!"

זי איז געווען אין די פערציגער, מיט גאנץ אנגענעהמע געזיכטסציגע, מיט צופיעל פארב אויף די באקען און ליפען, און מיט גרויסע, צו גלאנציגע אויגען. כמעט אויף אלע פינגער האט זי געטראגען בריליאנטענע רינגען, און איצט אויף דעם עדות־שטוהל האט זי וואהרשיינליך געדענקט מיט די ציערונג צו מאכען א גוטען איינדרוק, ווייל זי האט אלץ געווארפען מיט איהרע פינגער.

און אז איהר אדוואקאט האט זי גענומען פרעגען, אויב זי קען דאס מיידעל, האט זי זיך שיער ניט צואוויינט.

— וואס וויל מען פון מיר? כ'האב איהר דען געוואלט עפעס שלעכטס טהאן? אזא נאריש מיידעל! האב איך דען געמיינט שלעכטס?

— וואס דען האט איהר געמיינט? — האט שטרענג געפרעגט דער ריכטער.

— כ'האב איהר געוואלט ארויסהעלפען. זאגט אליין, יור האנאר, האט דען גאט בעשאפען אזא שעהן מיידעל צו זיין א דיענסט?

— ווי אזוי האט איהר איהר געוואלט העלפען?

— וואס הייסט ווי אזוי? כ'האב דען געמיינט עפעס שלעכטס? גאט זאל מיך אבהיטען, ווי קען איך טהאן שלעכטס אזא ארים קינד, וואס האט ניט קיין מאמען!

— איהר האט ניט געענטפערט אויף מיין פראגע! — האט זי דער ריכטער דערמאהנט.

— איהר זעהט, איך בין אזוי שטארק פעראינטערעסירט אין איהר, אז איך פערגעס אפילו, אז איך בין געקומען אהער זיך פער־טהיידיגען. איז וואס האב איך געוואלט זאגען? יא, כ'האב זיך שוין דערמאהנט! שלעכטס טהאן האב איך איהר געוואלט? גלויבט מיר, אז איך קוק מיר ארום אט אויף דער וועלט אונזערער, פערשטעה איך ניט, ווי גאט אין הימעל קען דאס צולאזען. מענשען בארען זיך אין אל־דאס גוטס, לעבען אין פערגעניגען, און אנדערע, אט אזעלכע ווי דאס מיידעלע, דארפען זיך אזוי פלאגען און ניט האבען אפילו אויף דאס נויטיגסטע. איך האב איהר ניט געוואלט טהאן קיין שלעכטס, איהר מעגט מיר גלויבען! כ'האב בלויז גע־רעכענט, איך וועל זי פארשטעלען פאר די רייכע יונגע לייט, וואס קומען צו מיינע טעכטער, אפשר וועט זיך איינער אין איהר פער־ליעבען און זי גליקליך מאכען. היינט שטעלט זיך פאר, ווי גוט איך וואלט זיך געפיהלט, ווען איך וואלט א מענשען גליקליך גע־מאכט.

און ביי קרייץ־פערהער איז אויפגעדערעגט צוגעשפרונגען דער יונגער דיסטריקט אטוירני צו איהר, זיינע אויגען האבען זי שיער ניט דערשאסען.

— און איהר ווילט מיר זאלען אייך דאס גלויבען?! — האט ער געבערענט.

— אודאי וויל איך. שרייט ניט אזוי, איך האָב מורא, איהר וועט מיך אויפּעסען — האָט זי זיך צולאכט.

— איך וועל ניט פערשמוצען מיינ'ע צייהן, מאַדאַם!

און אז זי האָט אויפגעהויבען א פעטע האנד צו פּראָטעסטירען, האָט ער זי אָבגעשטעלט מיט די פאָלגענדע ווערטער:

— דענקט ניט מאַדאַם, אז איהר קענט אונז נאַרען. מיר ווייסען אלעס וועגען אייך, מיר ווייסען, וואָס פאר א הויז ביי אייך איז געפיהרט געוואָרען. מיר ווייסען אייך, אז די צוויי מיידלאך זיינען נ י ט אייערע טעכטער.

דאָס האָט זי אזוי איבערראַשט, אז זי האָט מעהר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

און אז די דזשורי האָט זי געפונען שולדיג, האָט זי געשריען:

— דאָס איז פאר מיין גוטס, פאר מיין גוטס. גאָט, דו ווייסט דאָך דעם אמת!



# בעפריט.



י פערשפערכונגנן פאר יענעם פרייטאג זיינען ניט געווען אינטערעסאנט. אינגאנצען האבען יענעם טאג געדארפט פעראורטיילט ווערען צוויי־און־פערציג פערזאן — און דאס הייסט א „קליינער" טאג — ווייל די מעהרסטע אורטיילען פון דער וואך ווערען אבגעלעגט אויף פרייטאג.

לאנג האבען מיר שטודירט דעם קאורט־קאלענדאר. אן אלטער רעפארטער האט זיך געוויצעלט: „אין פארט דריי געה איך היינט ניט: לויטער קליינע גנבים; פאר א קליינעם גנב האב איך קיין רעספעקט ניט. זיך מיאוס געמאכט צוליעב גאר ניט, פע!"

„ניט אינטערעסאנט, גאר ניט אינטערעסאנט" — האבען געברומט די רעפארטערס לעזענדיג ווייטער.

„אט איז פאר אייך א קיים!" — האט מיר איינער אנגעוויזען אויף א פרויען־נאמען — „איהר, פרויען, קענט זיך דאך ניט בעגעהן אהן טרעהרען, זי וועט דאך אודאי וויינען, טא געהט און מאכט א טרעהרען־געשיכטע".

„איך געה אויך מיט אייך! איך וויל זעהן, אויב זי איז א שעהנע", האט ערקלעהרט דער נאר אינגסטער, ארויסנעהמענדיג די קורצע ליולקע פון זיין שמייכלענדען מויל.

און מיר זיינ'ען אוועק. דאס געריכטס־זאל איז געווען געפאקט, טראץ דעם געדיכטען הערבסט רעגען, וואס האט אומעטיג געקלאפט אין די פענסטער.

אכטצעהן מענער זיינען געווען אויסגעשטעלט אין ד'ר לאנגער רייהע. אכטצעהן פאר אויגען האבען מיט האפנונג געקוקט אויף

דעם ריכטער, וועלכער האָט מיט קורצזיכטיגע אויגען שטודירט די מאַסען פּאַפּירען וואָס זיינען געלעגען פאַר איהם.

אויף אַ שטוהל — נאָך דער לאַנגער רייהע געפאַנגענע, איז געזעסען אַ פרוי. איהר פּנים איז געוועזען בעהאַלטען אונטער צווייי ווייסע, גוט פאַרמירטע הענר. איהרע קליידער זיינען געוועזען איינ־פאַך אָבער מאָדערן און מען האָט אויף זיי לייכט געקענט בעמערקען די קנייטשען פון געפענגנים־„בעקוועמליכקייט".

און אַכטצעהן יעהריג אינגעל האָט בעקומען אַ לאַנגע לעקציע און אַ קורצען טערמין אין אַן אויסבעסערונגס־אַנשטאַלט. צוויי אַלטע גנבים זיינען פעראורטיילט געוואָרען צו לאַנגע טערמינען אין סינג־סינג. אַ בלייכער, קרענקליכער יונגער מאַן איז פערשיקט געוואָרען אין דענעמאָרע־געפענגנים, וואו שווינדזיכטיגע אַרעסטאַנ־טען געניסען בערג־לופט. אַ יונגער קעשענע־גנב האָט פערשפּראָכען צו ווערען אַ „גוד־באָי".

און דאַן האָט דער קלוירק אויסגערופען: „מערי ר..."

די פרויען געשטאַלט האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען פון שטוהל. די ווייסע הענט זיינען הילפלאָז אַראָבגעפאַלען ביי איהרע זייטען אויפדעקענדיג אַ יונג אינטערעסאַנט פּנים. מיט וואַקלענדיגע טריט איז זי צוגעגאַנגען צו דער פאַרענטשע, וואו די אַנגעקלאַגטע ווערען אָוועקגעשטעלט צום אורטייל. מיט ביידע הענד האָט זי זיך אָנגע־שפּאַרט אַן דער פאַרענטשע, האָט אויפגעהויבען אַ פּאָר אינטערע־סאַנטע גרויע אויגען צום ריכטער און מיט אַ נערוועז־ציטערנדער שטימע אָנגענעבען איהרע יאָהרען און אַדרעס.

צו מיר האָט דער יונגער רעפּאָרטער שטיל געזאָגט:

— ס'האָט זיך געלוינט צו קומען, זי איז שעהן ווי אַ געמיז.

— שווייגט! — האָב איך איהם שטיל געוואָרנט.

דעם ריכטער'ס קורצזיכטיג'ע אויגען האָבען צו אונז אין ווינ־קעל געקוקט.

— מערי, איהר זייט בעשולדיגט אין נעהמען כאַבאַר — האָט מיט אַ הילכיגער שטימע ערקלעהרט דער ריכטער און פערריכטענ־

ייג זיינע דיקע אויגען־גלעזער האט ער פארטגעזעצט: — איהר האט זיך ערקלעהרט שולדיג און דעריבער, און אויך צוליעב אייער קענענד, בין איך גענייגט מיט איך צו האנדלען ניט שטרענג. הויפט־זעכליך ווענדעט זיך אבער מיין האנדלונג אן א י י ך א ל ײ ן. ווייב איהר וועט דערצעהלען דעם אמת, וועט איך ניט באנג טהאן.

מיט מיעדע טריט איז דאס מיידעל ארויף אויפ'ן וויטנעס סטענד, נערוועז נאכגעזאגט נאך דעם אלטען געריכטס־אנגעשטעל־טען די שבועה צו דערצעהלען דעם אמת און מיט האפנונג געקוקט אויף דעם ריכטער.

— איהר האט זיך מודה געווען, אז איהר האט גענומען ביי אייער באס דריי הונדערט דאלאר „שוויג געלט" — האט דער ריכטער פארטגעזעצט. — איהר זייט ביי איהם געווען א בוכהאל־טעריו. ער האט „געפיקסט" די ביכער אידער ער האט באנקראטירט און איהר האט צוגעשטימט צו פערשווייגען די געענדערטע ציפערן, מיט וועלכע אייער באס האט געוואלט אבנארען זיינע קרעדיטאר־רען. ווארום האט איהר עס געטהאן? דאכט זיך, דריי הונדערט דאלאר איז ניט אזא רייצענדע סומע.

די גאנצע צייט וואס דער ריכטער האט גערעדט, האט דאס מיי־דעל נערוועז געדרעהט איהרע פינגער. ווען ער האט געענדיגט רע־דען האט זיך א ביטערער שמייכעל בעוויזען אויף איהרע דינע ליפען.

— יור האנאר, איהר האט א טעות. דריי הונדערט דאלאר איז זעהר א גרויסע סומע, ווען מען איז אין א שרעקליכער נויט — האט זי בעמערקט.

— אזוי? האט איהר עס געטהאן צוליעב דעם געלד און ניט אויס גוטען ווילען צו אייער באס! — האט דער ריכטער אויפגע־רעגט געזאגט.

— איהר פערשטעהט מיך ניט, יור האנאר! איך וואלט גע־וועז געשוויגען אהן געלד אויך. עס איז מיר אפילו אין זינען ניט

געלעגען אויסצוזאגען. איך בין געווען צו־שטארק פערנומען מיט מיינע אייגענע צרות.

— וועלכע צרות? האט איהר מורא געהאט, אז איהר וועט זיך דארפען בעגעהן אהן שעהנע קליידער ביז איהר וועט אן אנדער שטעלע בעקומען? איהר, מיידלעך, זארגט זיך דאך נאר וועגען אזעלכע זאכען.

עטליכע סעקונדען האט זי געקוקט אויף דעם ריכטער. אין גע־ריכט איז געווען זעהר שטיל. ווידער איז דער ביטערער שמייכעל ערשיענען אויף איהרע ליפען און אבזיפצענדיג האט זי שטיל גע־זאגט:

— איך בעלאנג, ליידער, ניט צו יענע גליקליכע מיידלאך. איך בין די עלטסטע פון פינף קינדער. פאר די לעצטע צוויי יאהר איז מיין פאטער שוואך און דער יאך פון הויז ליגט מעהרסטענס אויף מיינע פלייצעס. ווען מר. ראזען האט מיר אנגעבאטען די דריי הונדערט דאלאר, האב איך זיך דערמאנט אן דעם געבעט פון מיין פאטער, וועלכער ליגט אין א טשאריטי וואַרד אין שטאַרטישען האספיטאל, אז ער בעט זיך אהיים, אבער מיר קענען זיך ניט ער־לויבען צו געברויכען א פריוואטען דאקטאר. איצט פערליר איך מיין שטעלע, טא וואס וועלען מיר טהאן ביז איך וועל ווידער אר־בייטען? דריי הונדערט דאלאר איז א גרויסע סומע אין אזא נויט, יור האנאר, איך האב ניט פערשטאנען, אז איך בעגעה א פערברעכען.

— איהר האט אין טומס־פריזאן פערבראכט דריי וואכען. ווי געפעלען אייך די פרויען, וואס איהר האט דארט בעגעגענט?

דאס מיידעל האט זיך פערדעקט די אויגען און א שטארקען ציי־טער געטהאן.

— איך וואלט אייך געקענט אוועקשיקען אויף עטליכע יאהר צווישען אזעלכע פרויען — האט דער ריכטער פערענדיגט — אבער איך דענק, אז איהר וועט פון איצט אן זיין גוט. געהט אהיים, מערי.

# דאָס נאָטיץ-ביכעל.



[א]ז ער איז פּראָצעסירט געוואָרען, האָט מען ווענינ געהערט וועגען דעם פּראָצעס, ווייל ער איז געוועזען אָרים, און זיין פרוי, צוליעב וועמען ער האָט דעם מאָרד בעגאנגען, איז ניט געוועזען „צוויבערליך שעהן" און נאַטירליך האָבען די צייטונגען וועגען זיי וועניג געשריבען.

זיי זיינען געוועזען פּראָסטע, געוועהנליכע מענשען. אָבער זייער לעבענס-טראגעדיע איז געוועזען גראדע אזוי „אינטערעסאַנט", ווי די לינקע געשיכטען פון די רייכע.

ער האָט ערמאָרדעט זיין פרוי'ס געליעבטען.

ער איז אַ הויכער דארער מאַן, מיט אַ גענעצטען אויסדרוק אויף זיין געלבליך-בלאַסען פּנים. מיט דאַרע, אויסגעארבייטע הענט און מיט אַ ביטערען שטריך ארום זיינ'ע ליפּען.

אַלץ איז איהם קלאָהר, נאָר איין זאך קען ער ניט פערשטעהן: ווי אַזוי זיין פרוי, אַזאַ שוואכע, אַזאַ קרענקליכע, מיט אַזוי פיעל דאגות וועגען סלעק און ביזי, און מיט אַזוי פיעל ארבייט ארום איהרע צוויי ברעקלעך קינדער, ווי אַזוי איהר האָט זיך געגלוסט האָבען אַ געליעבטען.

און ווען זיין פרוי, וועלכע זיצט אין אַ ווייטען ווינקעל פון האָרט־רום הערט אָט די פראגע זיינע (ער זיצט אויף דעם עדות־שטוהל און שטעלט די פראגע ווי אין דער לופט אריין), גיבען איהרע דונקעלע אויגען ווי אַ בליץ, עס פערדריסט איהר וואהרשיינליך אויף זיין פראגע. זי זעהט אויס צו זיין זיכער ביי זיך, אז אויך ז י איז בערעכטיגט צו די פרעהליכע מאָמענטען פון לעבען.

גאַנץ גלייכגילטיג ענטפערט ער אויף די פראַגען פון זיין אַד־וואָקאַט. זיין שטימע איז עפּעס אַזוי קאַלט, ווי אַלעס וואָרעמעס וואָלט שוין געווען אויסגעלאָשען אין זיין לעבען.

— און ווען האָט איהר זיך דערוואוסט וועגען אייער פרוי'ס אונטרייהייט? — פרעגט דער אַדוואָקאַט.

— דערוואוסט? כ'איז מיר אפילו ניט איינגעפאַלען זי צו בע־שולדיגען. כ'האָב געוואוסט, אַז זי האָט אויף זיך גענוג צרות אָהן אַ געליעבטען. — ענטפערט ער מיט אַ האַלב־קרומען שמייכעל.

— אַבער ווען האָט איהר עס אויסגעפונען?

— אויסגעפונען? כ'האָב קיין שום זאַך ניט אויסגעפונען. ווען ס'איז געוואָרען סלעק, בין איך געזעסען מעהר אין הויז. יע־דען מיטוואָך פלעגט קומען דער קאָלעקטאָר. איך האָב זיך אפילו אויף איהם ניט אומגעקוקט. ער איז געקומען קאָלעקטען פאַר דער פאַרניטשור, וואָס ס'האָט זיך פערוואַלט מיין ווייב לעצטעס יאָהר. איך בין אַן אָרימער ארבייטער, אָבער אַ פרוי ווילט זיך שטענדיג נייעס. אמת, דער טיש מיט די טשערס, וואָס כ'האָב געקויפט מיט פיער יאָהר צוריק, זיינען שוין צובראָכען, און אַ דאָלאַר אַ וואָך האָב איך געטראַכט איז ניט אַזאַ געפעהרליכער בעטרעף, און אַ ווייב מוז מען דאָך אויך אַמאָל נאָכגעבען, האָב איך געקויפט.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם קאָלעקטאָר, — האָט איהם זיין אַדוואָקאַט איבערגעשלאָגען.

— דער קאָלעקטאָר, הלואי וואָלט איהם אַלדע־שוואַרץ יאָהר געקענט, איידער איך! ער איז געקומען און איך האָב געזאָגט, ס'איז סלעק, ער זאָל ניט קומען עטליכע וואָכען. די זעלבע וואָך, פרייטאָג, האָב איך איהם ווידער בעגעגענט ארויסגעהענדיג פון מיין הויז. „וואָס ווילט איהר איצט", פרעג איך איהם. „כ'האָב גע־מיינט, איהר האָט שוין געלד", ענטפערט ער. כ'האָב זיך פון איהם ניט אויסגעלאַכט. אויף דער צווייטער וואָך איז ער ווידער געקומען. ס'האָט מיך שוין פערדראָסען און כ'האָב זיך אויף איהם אויסגע־בייזערט. עטליכע טעג שפּעטער האָב איך איהם בעגעגענט אין

זעלבען בלאק, וואו איך וואוין, און אויף מיין פראגע, אויב ער האט מיך שוין ווידער בעזוכט, האט ער מיט א געלעכטער געזאגט: „ס'וואהנען דא נאך אזעלכע נגידים ווי איהר זייט". עפּעס איז מיר ניט געפעלען זיין פּנים, און איך האב געזאגט מיין פרוי, אז ווען ער קומט נעקסטע וואך, ווארף איך איהם ארויס. אויף דעם האט מיין דריי־יעהריג מיידעלע מיך גענומען בעטען: „פּאפּא, ווארף איהם ניט ארויס. ער איז א „נאיס" אנקעל. ער ברענגט אונז קענדי פאר מיר און פאר דער מאמא. „איזנ'ט איט", מאמא, ער איז א נאיס אנקעל?" איך האב דאס קינד אנגעקוקט פערוואונדערט. מיין פרוי האט זי ארויסגעשלעפּט אין קיטשען, און איך האב פערגעסען אן דעם קינד'ס רייד. אבער עטליכע טעג שפּעטער, ווען כ'האב דעם שעהנעם קאלעקטאר ווידער בעגעגענט אויף די שטיגען פון הויז, וואו איך האב געוואוינט, און ער האט מיר ווידער געענטפערט מיט עפּעס א ווערטעל, האב איך זיך דערמאנט אן דעם קינד'ס ווערטער און האב גענומען זיך אביסעל ארומטראכטען. ווען כ'האב גע־פרעגט מיין ווייבעל, אויב דער קאלעקטאר האט דא אין הויז נאך אנדערע קאסטומערס, האט זי זיך אויף מיר אזוי ארויפגעכאפּט, וואס איך וויל פון איהר מיט דעם קאלעקטאר; זי האט אזוי פיעל גערעדט וועגען מיינע עטליכע ווערטער, אז אפילו א י ך האב בעגריפען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט.

— וואס האט איהר ווייטער געטהאן? — האט געפרעגט דער לאיער.

— וואס האב איך געקענט טהאן? כ'האב זיך בעהאלטען אנטקעגענאיבער מיין הויז אין א האל און געווארט אויף דעם קאַ־לעקטאר. נאך מיטאג איז ער געקומען. איך בין איהם שנעל נאכ־געגאנגען, אבער איידער איך האב צייט געהאט איהם צו דעריאַ־גען, איז ער פערשוואונדען אין א טהיר. אין מיין הויז האב איך ניט געוואַלט אריינגעהן. עס האט זיך מיר ניט געוואלט בעשול־דיגען מיין פרוי, דאכט זיך, שטענדיג זי געהאלטען פאר אן עהר־ליך ווייבעל. טא בין איך אוועק אויף א לאנגען שפּאציער. איך

האָב ניט געוואָלט בלייבען נאָהענט פון הויז. כ'האָב ניט געוואָלט נאָך אַמאָל בעגעגענט דעם קאָלעקטאָר, דאָס האַרץ האָט מיר עפּעס אַזוי הויך געקלאַפּט. איך בין שנעל געגאַנגען און בין צוגעקומען צו דער באָוערי. איהר ווייסט דאָך וויפיעל פאַן שעפּער דאָרט געפינען זיך? יענעם טאָג האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז אין יעדען פענסטער פון די פאַן־שעפּער געפינען זיך בלויז רעוואָלווערס. איך האָב זיך אויסגעלאַכט פון זיך אַליין, געפיהלט זיך שטאַרק נערוועז און ווייטער געגאַנגען. איידער כ'האָב געוואוסט, וואָס איך טהו, האָב איך געקויפט אַ רעוואָלווער, איהם גוט בעהאַלטען אין מיין פּאַקעט און אַוועק אהיים. שפּעטער האָב איך געפרעגט מיין מיידעלע, ווער ס'איז געווען? האָט זי געענטפערט: דער „קאָ־לעקטאָר“. דעם צווייטען טאָג האָב איך געהאַט ארבייט, אָבער איך בין ניט געגאַנגען, כ'האָב געוואַרט. ער איז ניט געקומען. דעם דריטען טאָג, ס'איז געווען פרייטאָג, כ'האָב געוואַרט אין גאַס, זיך בעהאַלטען. נאָכמיטאָג איז געקומען דער קאָלעקטאָר. איך בין בגנבה נאָכגעגאַנגען און איהם געזעהן אריינגעהן אין מיין טהיר. עטליכע סעקונדען שפּעטער האָב איך געהערט, ווי אימיצער פער־שפּאַרט די טהיר פון אינוועניג. מיין האַרץ האָט אַזוי הויך גע־קלאַפּט, אַז ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזען אַ גאַנצער רעגימענט געהט אויף די שטיגען. כ'האָב לאַנגזאַם געעפענט די טהיר מיט מיין שליסעל, און וואָס כ'האָב געטראָפען האָט מיך בערעכטיגט צו שיסען. איהר וואָלט אויך געשאָסען! גלויבט מיר, איהר וואָלט אויך געשאָסען! —

ווייטער האָט ער דערצעהלט, אַז ער האָט אויך געוואָלט זיין פרוי דערשיסען, נאָר זי האָט איהם פערזיכערט, אַז זי איז בלויז גע־ווען דעם קאָלעקטאָר'ס געליעבטע, ווייל יענער האָט זי געשראָקען, אַז ער וועט דערצעהלען איהר מאַן וועגען דאָס ערשטע מאָל. און דאָס ערשטע מאָל, האָט זי געזאָגט, האָט פּאַסירט אין אַ טאָג, ווען זי האָט זיך ניט גוט געפיהלט, איז געווען שאַרק פערביטערט ער האָט זי פּלוצלונג אַרומגענומען, און זי האָט זיך אויף אַ סעקונדע

פערגעסען, און פאר יענער סעקונדע, האט זי געזאגט, צאהלט זי די גאנצע צייט. ער האט איהר געגלויבט און די קינדער דארפען דאך א מאמע.

אבער אין „רעבאטעל", ווען די אנקלאגע ברענגט נייע בעווייזע, איז זיין פנים געווען שטארק רויט, און אויף זיינע ליפען איז געווען א ביטערע קללה געגען דער מוטער פון זיינע קינדער.

אין א קליין ברוין־ביכעלע, דאס נאטיץ־ביכעלע פון קאלעקטאר, איז געווען אנגעשריבען פאלגענדעס: „דאס ווייבעל ר.. וועלכע וואוינט אין נומער—עלפטע סטריט, וויל מיך ניט אבלאזען, זי האט מיך ליעב, זאגט זי. איך מוז לאכען, ווען איך דערמאן מיך אן דעם ערשטען טאג, מיט עטליכע חדשים צוריק, ווען זי איז מיר געפאלען אין די ארעמס און מיך געבעטען איך זאל אביסעל לעבעדיגער מאכען איהרע אומעטיגע טעג. זי איז ניט קיין מיאוסע, אבער זי לאנגווייליגט מיך שוין".

און ווען די דזשורי האט איהם ערקלעהרט „ניט שולדיג", האט ער מיט פערקריצטע ציינער אבגעשטויסען דאס ווייבעל פון זיך.



# שוועסטער.



ען איהר פראצעס פאר אַנגרייפען איהר מאן האָט זיך געדארפט אָנהויבען, האָבען אלע געוואוסט, אז זי האָט אין איהם געשאָסען. און זי אליין האט צוגעגעבען, אז זי האָט געציעלט דעם רעוואָל־ווער אין זיין ברוסט, און אז עס טהוט איהר שטארק לייד, וואָס די קויל האט איהם ניט געטויט.

נייגעריג האָבען פיעלע געווארט אויף דער סענסאציאָנעלער טראַגעדיע, וועלכע וועט אויפגעדעקט ווערען פאר דעם פּראָצעס. און דעריבער האט אַ שטארקע ענטוישונג געהערשט אין געריכטס־זאַל, ווען די יונגע פרוי האָט ביי דעם אויסקלייבען פון לעצטען דזשוראָר, זיך פלוצלונג ערקלעהרט פאר שולדיג.

איהרע אדוואקאטען זיינען געווען שטארק אונצופריעדען. זיי זיינען געווען זיכער, אז ווען זי זאָל פּראָצעסירט ווערען און דער־צעהלען, ווארום זי האט דאָס פערברעכען בעגאנגען, וואָלט די דזשו־רי זי זיכער בעפרייט.

אָבער די יונגע פרוי האט זיך פעסט געהאלטען ביי איהר בעשלוס.

און די ענטשלאָסענהייט האט ארויסגערופען אַ נייעם אויס־דרוק אויף איהר יונגען, גלייכגילטיגען פון וועהטאָג פערענדערטען פּנים.

און פיעלע אנוועזענדע זיינען געווען ענטוישט, ווייל די יונגע פרוי איז אַ רייכע, און עס ווילט זיך דאָך אזוי וויסען די סקאנדא־לן פון די רייכע.

שטיל האט זי אנגעגעבען איהר נאמען, יאהרען און אדרעס, און אין נאך א שטילערען טאן, אזוי, אז נאר די גאר נאהענטע האבען געקענט הערען, האט זי דערצעהלט דעם ריכטער דאס טראגיישע קאפיטעל פון איהר לעבען.

צוערשט האט זי שטאמלענדיג גערעדט וועגען איהר אונגליקליך פערהייראט לעבען, וועגען איהר מאן און זיין אפט בעטריגען איהר. צוביסלעך איז דער אויסדרוק פון ענטשלוס פעסטער געווארען און זי האט שנעלער גענומען רעדען.

— איך האב געוואוסט, אז ער נארט מיך. איך האב עס געוואוסט באלד אין די ערשטע וואכען פון אונזער הייראט. איך האב געשוויגען, ערשטענס, ווייל... ווייל איך האב איהם שטארק ליעב געהאט.

און דא האבען איהרע טרויעריגע אויגען זיך אויף א סעקונדע אבגעשטעלט אויף דעם בלאסען פנים פון א הויכען יונגען מאן, וועלכער איז געזעססען אין א ווייטען ווינקעל, זיין פנים האלב בעהאלטען אין ביידע הענד, און בלויז מיט א האלבען אויער, וואס איז געוועזען רויט, אזוי ווי פון א פרישער וואונד.

— און צווייטענס? — האט העפליך געפרעגט דער ריכטער.

— צווייטענס, ווייל איך האב געוואלט אויסמיידען סקאנדאלען. די מעהרסטע פריינד מיינע האבען מיך געווארענט געגען איהם, אבער איך האב זיי ניט געוואלט הערען, ווען עס איז נאך געוועזען צייט. און איצט, אז איך בין שוין געוועזען פערהייראט,, האב איך ניט געוואלט, אז זיי זאלען וויסען ווי אונגליקליך איך בין.

— און צוליעב דעם זייט איהר געוועזען צופריעדען צו ליידען א לעבען לאנג? — האט ווייטער געפרעגט דער ריכטער.

— א סך פערהייראטע פרויען טהוען אזוי, — האט זי קורץ געענטפערט.

— און דאן?

— אה דאן איז געווארען יעדען טאג ערגער.

— און איהר האט נאך אלץ ניט געטראכט וועגען א גט?

— אמאָל יאָ. עס איז געוואָרען אונערטרעגליך פאַר מיר צו־צוקוקען ווי מיין מאַן נאַרט מיך אָב, כמעט מיט יעדער פרוי, וואָס ער בעגעגענט.

— טאָ ווארום האָט איהר זיך ניט געווענדעט צום געריכט?

— ווייל גראדע ווען איך האָב בעשלאָסען צו געהן צום אד־וואקאַט, דעם זעלבען טאָג האב איך איהם געפונען אין מיין איינען הויז אין די ארעמס פון אַ... צווייטער פרוי.

— און דעריבער האָט איהר אין איהם געשאָסען?

— ניין, איך בין בלויז געוואָרען זעהר ווילד.

— און דאן האָט איהר גענומען דעם רעוואָלווער? וואו האָט איהר גראד דאן גענומען אַ רעוואָלווער?

— אין דעם שופלאַד פון אונזער גרויסען לייברערי טיש. איך האָב געוואוסט, אז מיין מאַן האלט דאָרט זיין רעוואָלווער. איך פלעג דעם רעוואָלווער בעטראַכטען מיט דעם אבזיכט זיך אליין צו דער'הרג'ענען.

— און איהר האָט קיינמאָל ניט געטראַכט איהם צו שיסען?

— ניין, איך שווער אייך, אז ניין. אפילו ווען איך בין געווען עטליכע סעקונדען אין צימער, האָב איך אויך ניט געטראכט וועגען דעם. ערשט ווען זי האָט מיך גענומען בעטען, איך זאָל ניט מאַ־כען קיין סקאנדאל, ווען זי האָט זיך צו מיינע פיס געוואָרפען און היסטעריש געשריגען, אז זי וועט מוטער ווערען פון איהם, ערשט דאן האָב איך געשאָסען.

— צוליעב דעם?

— געוויס... זי... איז דאָך מיין שוועסטער!

די לעצטע ווערטער האָט זי קוים ארויסגעשעפטשעט, צובוי־גענדיג זיך גאנץ נאָהענט צום דזשאדזש.

אַ לאַנגע ווײַלע האָט דער ריכטער געטראכט דאן האָט ער קורץ געפרעגט:

— דאָס אלעס?

— יע.

ווידער א לאנגע פויזע.

— אייערע עלטערען ווייסען?

— יע. די מאמע האלט ביים שטארבען און מיין פאטער איז פאראליזירט געווארען פון דעם קלאפ.

— געהט א היים צו זיי. — האט דער ריכטער נאך א לאנגער פויזע ערקלעהרט.

אדוואקאטען און פריינד האבען ווארעם געדריקט דער יונגער פרוי'ס האנד. אבער אויף איהר פנים איז שוין ניט געווען קיין שפור פון ענטשלאסענהייט און אינטערעס. עס איז ווידער געווארען אויסגעלאשען, ווי עס וואלט פרעגען: „צו וואס דאס אלעס?“



# „אַ מאָרד“.



ען דער „מאָרד“ איז געשעהן, זיינען גראדע די ציי־טונגען דאן פול געוועזן מיט אַ פּאָליציי־סקאנדאל, וואָס האָט אויפגעוועקט כמעט דאָס גאַנצע לאַנד. און צוליעב אָט דער סענסאַציאָנעלער גרויסער נייעס, און אפשר אויך אַ ביסעל, ווייל די הויפּט־פיגורען פון דער טראַגעדיע זיינען געווען זעהר אָרים, איז וועגען דעם „מאָרד“ דאן ניט געשריבען געוואָרען.

אין עטליכע וואָכען שפּעטער, ווען די פרוי איז געשטעלט גע־וואָרען צום פּראָצעס, האָט מען זיך נאָך אַלץ געקאָכט מיט דעם רייכען געזעץ־זוהיטער, וועלכער איז אויך גראדע דאן פּראָצעסירט געוואָרען.

אונטען איז דער געריכטס־זאַל געוועזן געפּאַקט מיט רייכע, עלע־גאַנטע דאַמען, מיט שריפטשטעלער, מאַהלער, בעוואוסטע אַקטרי־סעס. עס זיינען אויך געוועזן אַנוועזענד צוויי זעהר בעריהמטע אָפּערא זינגערינס און אַ סך, אַ סך פריינד.

און אויבען אין דער זעלבער געביידע, אויך אין אַ צימליך גרוי־סען זאַל, אַבער וועלכער איז געוועזן כמעט ליידיג, אויב ניט רע־כענען דעם ריכטער, די אדוואָקאַטען, עטליכע געריכטס־אַנגעשטעל־טע, עטליכע פרעמדע און די דזשוראַרס — איז די פרוי פּראָצעסירט געוואָרען.

זעהר אומעטיג האָט זיך עפּעס געפּיהלט אין דעם גרויסען לייי־דיגען זאַל. צייטונגס־שרייבער און אנדערע זיינען צוגעקומען צו דער הויכער טהיר, אַ וואָרף געטהאָן אַ בליק אויף דער אָרים גע־

קליידעטער, שוואכער פרוי, אַ ציה געטהאָן מיט די אקסלען און ווייטער געגאנגען.

און אין אַט דעם גרויסען ליידיגען זאל האָט אַ פרוי דערצעהלט אַ זעלטענע, אבער האַרץ־רייסענדע טראגעדיע:

— פאר וואס האָב איך דער׳הרג׳עט מיין מאַן? — האָט זי געפרעגט מיט אַ האַלבען שמייכעל, בעטראַכטענדיג איהרע שטארק אָבגעצעהרטע ווייסע הענד.

— יאָ, ווארום האָט איהר דאָס געטהאָן? — האָט מיט סימפאטיע געפרעגט דער ריכטער.

— ווייל כ׳האב איהם צוגעזאגט.

— צוגעזאָגט איהם טויטען? — האָט פערוואונדערט געפרעגט דער דזשאַדזש, רוקענדיג זיך נעהענטער צו דער פרוי און קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען.

— אפשר וועט איהר מיר ניט גלויבען, כ׳קען מיר ניט העלפען, אַבי איך האָב געהאלטען מיין פערשפרעכען.

— דערצעהלט אונז וועגען דעם.

— צו וואָס? — האָט די פרוי גלייכגילטיג אויפגעצויגען מיט די אקסלען.

— ווייל איהר דארפט זיך פערטהיידיגען.

— אבער צו וואָס?

— ווייל איהר זייט נאָך יונג און איהר דארפט זיך ראטעווען פון עלעקטריק טשער.

— אַבער צו וואָס? אז מיר אַרט ניט?

— צוליעב אייער קינד. — האָט שטיל געזאָגט אַן אדוואָקאַט, אַן עלטערער פּאָטערליכער מאַן, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט פון געריכט צו פערטיידיגען די פרוי.

— אוה, — האָט די פרוי, ווי אויסגעקרעכצט, און איהר שטערען האָט זיך טיעף פערקנייטשט. מיט עטליכע סעקונדען שפּעטער האָט זי געפרעגט, ווי זי וואלט ריידען צו דער לופט:

— ווייסט איהר וואס ס'מיינט פערשפרעכען? א שרעקליכער פערשפרעכען, וואס פלאגט אייך טאג און נאכט?

— דערצעהלט אונז וועגען דעם, — האט דער ריכטער ווי־דער געזאגט.

— אה, עס איז דא אזוי פיעל צו דערצעהלען! פאר דעם פערשפרעכען מיין איך, ווען ער איז נאך געווען געזונד און מיר זיינען נאך געווען גליקליך, אבער ניין, דאס וועט אייך ניט אינטע־רעסירען. ער איז געווארען שטארק קראנק, ס'איז געקומען פון אן „עקסידענט", א וואגען איז איבער איהם אריבערגעפאהרען, דער דרייווער איז אנטלאפען, און מיר האבען קיינמאל ניט געקענט א סענט בעקומען. ער, מיין מאן, איז אבגעלעגען עטליכע חדשים אין האספיטאל, איך און דאס קינד האבען געלעבט פון דעם געלד, וואס כ'האב געהאט אין באנק! יא, מיין מאן איז פריהער געווען א גו־טער ארבייטער, זעהר א גוטער ארבייטער.

אויף א ווייל איז זי אנשוויגען געווארען, ווי זי וואלט ווארטען אימיצער זאל דאס אבלייקענען, און אז קיינער האט קיין ווארט ניט אויסגערעדט, האט זי פארטגעזעצט:

— אז ער איז ארויס פון שפיטאל, איז ער שוין מעהר קיינ־מאל ניט געווען ווי פריהער, עפעס האט געפלאצט אין זיין קער־פער. און א חוץ דעם קרומען פוס, וואס ער האט פון דעם „עקסי־דענט" געקראגען, איז ער יעדען טאג געווארען קראנקער, אבער ער האט נאך אלץ געקענט ארבייטען. אזוי זיינען אוועק צוויי יאהר. ער האט געוואוסט, אז זיין גאנצער קערפער איז אנגעגריפען, אבער ער האט ניט געוואוסט ווי שרעקליך ערנסט זיין לאגע איז, ביז יע־נעם אבענד.

דא האט זי זיך פערדעקט די אויגען און א היבשע ווייל גע־שוויגען. איהר אדוואקאט האט זי זעהר שטיל דערמאנט:

— וואס האט יענעם אבענד פאסירט?

— אה, ס'איז געווען שרעקליך יענעם אבענד! א דאקטאר האט איהם ערשט געזאגט, אז ער קען ערווארטען דאס ערגסטע.

— וואס?

— אז זיין גאנצער קערפער וועט אין א קורצער צייט פאראליזירט ווערען, און אז ס'איז ניטא קיין שום הילף! זיינע ליידען, זיין שרעק! ס'איז שוין געווען ארום צוויי א זייגער ביינאכט, און ער איז נאך אלץ געזעסען ביים טיש און געוויינט. פלוצלונג האט ער זיך האסטיג אויפגעהויבען, איז שנעל צוגעקומען צו מיר, אין אויפהויבענדיג מיין קאפ, האט ער לאנג און דורכדרינגענד גע־קוקט אויף מיר און ענדליך שטיל געפרעגט:

„מערי, וועסטו מיר עפעס פערשפרעכען?" — זיין שטימע איז געווען אזוי געביטען און אזוי שרעקליך, אז כ'האב זיך דערשראקען.

— און דאן? — האט געפרעגט דער ריכטער, אז זי איז ווידער שטיל געבליבען.

— און דאן האט ער שטיל געפרעגט: „מערי, אז ס'וועט קו־מען, אז ס'וועט געשעהן, דו וועסט ניט לאזען, אז ס'זאל מיך לאנג פלאגען?" — וואס מיינסטו? האב איך געפרעגט. „איך מיין, אז ווען יענע שרעקליכע צייט וועט קומען, מוזטו מיר צוזא־גען, אז דו וועסט מאכען אן ענד צו אלעס. כ'וואלט עס אליין גע־טהאן, אבער כ'וויל ארבייטען פאר דיר און פאר דעם קינד ווי לאנג איך קען, דו מוזט מיר פערשפרעכען!" — אבער וואס? האב איך ווידער געפרעגט. „אז ווען ס'וועט קומען און איך וועל ווערען הילפלאז, וועסטו מיר געבען איין פילעכעל, אט פון די פילעכלאך און דאס וועט מאכען אן ענד צו אלעס!" ער האט מיך אזוי איבער־געשראקען מיט דעם באקסעל פילען אין די הענד און מיט זיינע ווילדע אויגען, אז כ'האב צוגעזאגט... צוגעזאגט אט די שרעקליכע זאך. וועלכע ס'האט זיך מיר דאן אויסגעוויזען, איז א בלעטעל ארויסגעריסען פון עפעס א בוך, א בלעטעל, וואו עס רעדט זיך וועגען א מענשען, און איך געפין זיך גאר ניט דארט.

— און שפעטער? — האט געפרעגט דער ריכטער.

— שפעטער? אה, שפעטער איז געקומען דאס שרעקליכע. איין פריהמארגען איז זיין יעדער גליעד געווארען אונבעוועגליך, נאר זיינע גרויסע אויגען האבען אזוי טרויעריג געקוקט אויף מיר!

דאן האב איך אנגעהויבען צו ארבייטען, איך פלעג ברענגען קראַ־וואטלאַך אהיים צו נעהען. אליין פלעג איך איהם לאַזען מיט דאַס קינד, ווען איך פלעג אוועקטראַגען די ארבייט. מיר האבען דאַ קיינעם נים, נאַר ווייטע פריינד און יעדער האַט זיינע צרות. אין יעדען טאַג זיינען זיינע אויגען געוואָרען שרעקליכער מיט מעהר בימערען פאַרוואורף. אליין האב איך איהם געשלעפט איבעראַל, אבער ווענען מיין פערשפרעכען האב איך אפילו נים געוואַלט טראַכ־טען ביז... ביז יענעם שרעקליכען פריהמארגען.

— וואַס האַט דאַן פאַסירט?

— ס'איז אזוי שווער צו דערצעהלען — האַט די פרוי שווער אטהעמענדיג פאַרטגעזעצט, — כ'האב איהם ארייננעזעצט אין א וואַנע. איהם געגעבען א באַטה, וואו כ'פלעג נעהמען דעם כוח דאַס צו טהאן ווייס איך ניט. נאַר ארויסנעהמען יענעם פריהמאַרגען האב איך ניט געקענט. ס'איז מיר געוואָרען זעהר שלעכט. ער האַט נאַכגעפאַלגט מיינע יעדע בעוועגונג. עטליכע שטונדען איז ער אבגעזעסען אין וואַנע, ס'איז איהם געוואָרען קאַלט. איך האב איהם ניט געקענט אַרויסנעהמען, האב איך ארויסגעלאַזען דאַס וואַסער און איהם ארומגעהילט מיט א וואַרימער דעקע. ער האַט דאַן אויך מיר געקוקט מיט אזא דראַנג, אזוי בעפעהלענד, אז אין א שטונדע שפּעטער האב איך איהם געגעבען די פיל.

— — — — — — — — — — — —

נאָך די זעלבע נאַכט האבען די ערנסטע דזשוראָרס מיט פייכ־טע אויגען זי ערקלערט „ניט שולדיג“.



# נדן.



אגיז געלאסען, אין א טאן פון ביטערער ענטוישונג, האט זי דערצעהלט דער דזשורי ווי אזוי די צוויי אנגעקלאגטע האבען צושטערט איהרע גרויסע האפנונגען.

זי איז געוועזן מיאוס. פון יענע מענשען, וואס ערוועקען זייניג סימפאטיע. איהרע שארפע געזיכטס־ציגען זיינען ניט געוועזן פריינדליך. פון יענע פנים'ער, וואס ווערען מיט דער צייט זויער און קאלט פון ענטוישונג און מאנגעל אין ליעבע.

עטליכע מאל האט זי דער לאיער פון די אנגעקלאגטע אונטערבראכען, אבער זי האט איהם ניט געהערט. זי האט גערעדט גאנץ שטיל און ענטשלאסען.

איהר פאטער, אן אלטער מאן, מיט א ווייסער פיער־עקיגער בארד, איז געזעסען אין דער פאדערשטער רייהע און ענערגיש צוגעשאקעלט אויף יעדעןווארט איהרען.

מיט א נאאיווען שמייכעל האט זי אנגעפאנגען מיט די פאלגענדע ווערטער:

— זייט ווען איך געדענק זיך, האב איך אימער געהערט מייגע עלטערען רעדען פון נדן. אז מיין עלטערער ברודער האט חתונה געהאט, איז א סך גערעדט געווארען וועגען נדן. און ער האט טאקע חתונה געהאט מיט א מיידעל, וועלכע ער האט ניט געליעבט, ווייל זי האט געהאט מעהר געלד, ווי יענע, וואס ער האט געליעבט.

— שטענדיג האט דער טאטע מיט דער מאמען גערעדט וועגען נדן. א מיידעל, זאגען זיי, מוז האבען נדן. אהן נדן קען א מיידעל קיין שידוך ניט טהאן. מיר האבען זיי אלין דערצעהלט, אז איך

וועל זיי מוזען העלפען אויפצוזאמלען אַ גדן פאר מיר. האָב איך דאך געווים געהאָלפען.

— עס איז אָבער שווער צו שפּאָרען געלד פון קליינע פערדיענ־סטען — האָט זי טיעף אָבגעזיפצט — ניט איין מאָל האָב איך מיך גוט אויסגעוויינט, ווען איך האָב געדאַרפט האָבען אַ קלייד אָדער אַ נייעם הוט. דער טאטע האָט ניט געלאָזען קויפען. מען דאַרף שפּאָרען אויף נדן, האָט ער שטענדיג געזאָגט. און אמאָל, אז איך האָב מיך אנטקעגען געשטעלט און געזאָגט, אז איך וועל מעהר גע־פעלען ווען איך וועל זיך אָנטהאָן שעהנער, און אז מיט שעהנע קליידער קען מען אמאָל אַ בעסערען שידוך טהאָן, האָבען זיי פון מיר געלאכט און געזאָגט, אז אזעלכע גליקען טרעפען זיך ניט ביי אונז.

— איך דערצעהל אייך דאָס אלעס, כדי אייך צו צייגען, ווי שווער איך האָב דאָס געלד אָבגעשפּאָרט. און די באנדיטען האָבען עס ביי מיר צוגענומען.

דער פּאָטער האָט העפטיגער געשאָקעלט מיט דער גרויער באָרד און די אַלטע, צוקנייטשטע מאמע, וואָס איז געבען איהם געזעסען, האָט וויגענדיג בעוועגט איהר קערפּער.

איהר פּנים האָט אויסגעזעהן שאַרפער, איהר קין לאַנג, ווען זי האָט פאָרטגעזעצט:

— אונז האָט זיך אַן אנדער גליק געטראָפען. זיי זיינען גע־קומען, און דערצעהלט מיין פאָטער דאָס גליק. איך בין אין סטאָר ניט געוועזען. ווען איך בין אהיים געקומען, האָט מיין פאָטער מיר דערצעהלט, אז צוויי זעהר פיינע מענער זיינען דאָ געוועזען. זיי האָ־בען אַ מאשינקע וואָס קען מאכען פינף־דאלאר־בילס. איך האָב מיך דערשראָקען. מאכען געלד האָב איך געוואוסט טאָר מען ניט, און אַ גאנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט שלאָפען.

— איך האָב מיך גענומען בערעכענען: שוין אזוי פיעל גע־ארבייט און קייב אָבגעשפּאָרט פיער הונדערט און צוואנציג דאלאר. עס קומען שדכנים, מען רעדט שידוכים, אָבער עפּעס רעכטס וויל

מעהר געלד. איך ווער עלטער, די מאמע וויינט, דער טאטע זאָרגט זיך. א סך מאָל ווערט דאָס אין גאנצען נמאס. און די וואָס האָבען שוין יאָ חתונה, איז זיי דען גוט? פרעג איך ביי זיי. אבער דער טאטע זאָגט, אז אַ אידישע טאָכטער טאָר אזוי ניט ריידען.

— מען טאָר עס אפילו ניט. נאָר איך האָב בעשלאָסען, איך וועל לאָזען די „פיינע“ לייט מיר מאכען אַ נדן. מיט אַ סך געלד, וואָס קען מען דען ניט קריגען? איך האָב זעהר געוואָלט זיין גליקליך.

— אויף מאָרגען זיינען זיי געקומען. ביי פערהאנגענע פענסטער האָבען מיר בעקוקט די מאַשינקע. יענער, דער בלאָנדער (אַנווייזענדיג אויף איין אנגעקלאָגטען), האָט אריינגעלעגט אַ פינף דאָלאַר ביל, עטליכע מאָל געדרעהט און עס זיינען ארויסגעקומען צוויי פינף דאָלאַר בילס. איך האָב דעם נייעם ערשט געמאַכטען ביל צוגענומען און בין ארונטער אַפּביימען. מען האָט געביטען, קיין שאלות ניט געפרעגט. איך בין צוריק ווי ארויפגעפלויגען. זיי האָבען געבעטען פון אונז דריי הונדערט דאָלאַר אויף נויטיגע הוצאות. איך האָב זיי געגעבען. מיין געלד איז געווען אין תויז, וויל די מאמע האָט מורא פאר די בענק. אלס משכן האָבען זיי געלאָזט די מאַשינקע, און מעהר האָבען מיר זיי ניט געזעהן.

— אַוועק מיט מיין נדן! וואָס וועל איך איצט טהאָן מיט הונדערט און צוואנציג דאָלאַר?! ביז איך וועל אָבמאַכען די דריי הונדערט דאָלאַר, וועל איך שוין זיין אזוי מיעד, אַז קיינער וועט ניט וועלען קוקען אויף מיר.

אין גערייכטס־זאַל האָט קיינער ניט געשמייכעלט. די טראַגעדיע פון דעם מיידעל מיט'ן נדן האָט זיך געפיהלט אין דער לופט, אין יעדער בעוועגונג איהרער, אין איהרע שארפע געזיכטס־ציגע.

די צוויי שווינדלער זיינען פעראורטהיילט געוואָרען. דאָס מיידעל האָט געוויינט, איהר פאָטער האָט אויפ'ן קול געקרעכצט און די מאמע האָט געפרעגט:

„און מיין קינד'ס געלד? וואָס וועט זי איצט טהאָן אָהן נדן?“

# אַ דאָקטאָר.



ער דאָקטאָר איז געווען פערקלאָגט אין מאָרד ערשטען גראַד, זיין פּראָצעס איז אנגעגאנגען עטליכע טעג. די געפיהלען פאר איהם און געגען איהם האָט מען לייכט געקענט זעהן אין די פּנים'ער פון די אנוועזענ־דע. אויפ'ן פּנים פון'ם דיסטריקט אטוירני האָט מען געקענט לעזען האס, בלויז דאָס שטאָלצע, בלאסע פּנים פון דעם אלטען אנגעקלאָגטען האָט קיין זאך ניט דערצעהלט.

אַ שטאַרק רויטער דעטעקטיוו, וועלכער האָט מיט שטאָלץ אנ־געטשעפּעט זיין בעדזש אין'ם לאַץ פון זיין מאַנטעל, האָט שנעל קייענדיג „טשואינג־גאָם" דערצעהלט וועגען דער קלאגע געגען דאָק־טאָר:

— איך בין נעבען איהר געזעסען, ווען זי האָט געהאלטען ביים שטאַרבען, און וואָס איך וועל אייך דאָ פאָרלעזען, האָב איך ביי איהר געפרעגט און זי האָט געענטפערט:

„איהר זייט געגאַנגען צו דר. פּ.?"

„יע".

„ער האָט אייך געגעבען די מעדיצין, פון וועלכער איהר זייט קראנק געוואָרען?"

„יע".

„און ווען איהר זייט קראנק געוואָרען, וואָס האָט ער אייך גע־הייסען טהאָן?"

„געהן אין האָספּיטאל".

„מיט דעם וויפיעלטען קינד האָט איהר געשוואָנגערט?"

„מיט דעם זעקסטען".

„איהר האָט געוואוסט, אז די מעדיציז קען פערניכטען אייער קינד?“

— אויף דער פראגע האָב איך שוין קיין ענטפער ניט בעקומען, ווייל די פרוי איז געשטאָרבען, — האט דער עדות געענדיגט.

אין קאורט־זאַל איז זעהר שטיל געוואָרען. די מעהרסטע אויגען האבען מיט האס געקוקט אויף דעם געבויגענעם קאָפּ פון אלטען דאָקטאָר.

אין דער פאָרערשטער רייהע צווישען פובליקום, גאָר נאָהענט צו דער דזשורי, זיינען געזעסען אַ בלאַסער דארער מאַן מיט אַן איינגעבראָכענער שמאָלער ברוסט. נעבען איהם פיער קינדער, אנגעטהאָן אין שוואַרצען. דאָס שווארצע האט זיך אויסגעמישט מיט די זונען־שטראַהלען וואָס זיינען אריינגעדרונגען דורך די הויכע פענסטער פון געריכטס־זאָל, און צוזאמען האבען זיי, די זון און דאָס אומעטיגע שווארצע געוואָרפען שאָטענס אויף די קינדער'ס קרענקליכע פּנים'לאַך.

גאָר אָפט נאָכדעם, ווי אַן עדות פאר דער אנקלאגע האָט עפּעס דערצעהלט געגען דעם אַנגעקלאַגטען, האבען די אויגען פון אסיסטענט דיסטריקט אטוירני בעדייטענד געקוקט צו דער דזשורי־באָקס. און פון דאָרט מיט פערצווייגעלטע אויגען־ברעמען צו דער שווארצער רייהע קינדער.

גאָר פיעלע פּנים'ער האבען מיט פעראכטונג און האס געקוקט אויף דעם אַלטען דאָקטאָר, ווען זיין שלאַנקער געשטאלט איז ערשיענען אויפ'ן וויטנעס סטענד. ווען ער האָט געשוואוירען צו זאָגען דעם אמת, האט מען געשמייכעלט.

אין אַ קלאָהרער, רוהיגער שטימע, האַלטענדיג הויך זיין קאָפּ, האט ער דערצעהלט פאָלגענדעס:

— איך האָב די פערשטאָרבענע געקענט, ווען זי איז נאָך געווען אַ יונג מיידעל. זי איז געווען מיין פּאציענטין. זי איז געווען אַ שוואַכע. ווען זי האָט חתונה האט זי מיך געבעטען איך זאָל איהר מאַן ניט דערצעהלען. איך בין מיט איהם אויך געווען בעקאַנט, — ער איז אויך געווען אַ שוואַכער.

— ווען זיי זיינען געווען פערהייראט דריי יאהר, — נור א מאָ־נאַט האט געפעהלט, האָב איך ביי איהר אבגענומען דאָס דריטע קינד. ער האָט דאַן ווענינ געארבייט, דאָס הויז האָט אויסגעזעהן פוסט, די מעבעל און בעט־געוואַנד שטאַרק אָבגעטראָגען.

— מיר, דאָקטוירים, זיינען געוואוינט צו אזעלכע סצענעס. האָט ער מיט א זיפץ פאָרטגעזעצט, מיר זיינען געוואוינט צו זעהן, ווי אלץ איז ניי, אויסגעפוצט, יום טוב'דיג ביים געבורט פון ער־שטען קינד, און אלץ ווערט אָבגעלעבט, ווי די שוואכע מוטער, ווען ס'קומט דאָס דריטע קינד.

— דאַן האָב איך זיי געווארענט צו זיין פאָרזיכטיג. זי איז געווען קראנק, אבער דאָך איז דאָס פיערטע און פינפטע קינד גע־קומען אין קארגע דריי יאהר.

— ביים פינפטען קינד איז זי געבליבען שרעקליך שוואַך. זי האָט געהאט צוויי בלוט שטורצען. מען האָט שוין דאַן ווענינ געהאפט אויף איהר לעבען. מיר האָבען זי נאָך שווערער מיה אָב־געראטעוועט, — הויט און ביין איז פון איהר געבליבען.

א ווײַלע האָט ער זיך פערטראכט. דאן האָט ער גענומען רע־דען אביסעל לאנגזאמער, קוקענדיג מיט זיינע גרויסע אויגען אין דער ווייטקייט און ווייטער דערצעהלט:

— ארום אַ דריי יאהר האָב איך נאָך דעם פון זיי ניט געהערט, זיי האָבען זיך בענוצט מיט דיספענסעריס, ער האָט מעהרסטענס ניט געארבייט, געווען קראנק און אַ דאָקטאָר איז געווען א לוקסוס.

— איך בין געווען שטאַרק איבערראשט, ווען לעצטען סעפטעמ־בער איז ערשיענען אַן עלטערע פרוי, מיט גרויע האָר און דיקע אויגענגלעזער און מיך געפרעגט אויב איך דערקען זי ניט... אבער ערשט ווען זי האָט אַראָבגענומען די גלעזער, האָב איך דערקענט די אויסגעלאָשענע מאַטע אויגען פון דער אמאָל שעהנער פעני גלאזמאן.

— זי האָט מיר דערצעהלט, אז זי נעהט ארבייטען, איהר מאַן איז איצט שטאַרק קראנק, בלייבט אין הויז מיט די קינדער, און

זיי קענען קיים מאכען א צרה'דיג לעבען פון איהרע פערדיענסטען. אלע קינדער זיינען קרענקליך, האט זי געזאגט. און ווען איך האב איהר געמאכט פארווירפע פאר וואס זי האט זיך צו מיר ניט געווענדעט, — זי וואלט מיר געקענט שפעטער אין בעסערע צייטען אבצאהלען פאר מיין הילף, האט זי זיך ביטער צואויינט און ווארפענדיג זיך פאר מיינע פיס, האט זי מיך יאמערליך געבעטען: „העלפט מיר, דאקטאר! איהר זייט שטענדיג געווען מיין פריינד! העלפט מיר איצט, לאזט ניט נאך א קריפעל קומען אויף דער וועלט. זיי וועלען אלע שטארבען פון הונגער, אויב איך וועל ניט קענען ארבייטען, העלפט מיר!"

— עס האט מיר גענומען צוויי וואכען. איך האב פיעל געטראכט וועגען איהר, זי איז געקומען יעדען טאג און מיט הארץ־רייסענדע טרעהרען מיך געבעטען איך האב עס ניט געוואלט טהאן, אבער ענדליך האב איך איהר געהאלפען. זי איז אבער געווען צו שוואך, און דער גרויסער בלוט פערלוסט האט איהר געטויט.

די בעווייזע האבען זיך געענדיגט. לאנגזאם האבען די קינדער, אין דער בעגלייטונג פון א בית יתומים דיענער, פערלאזען דעם גערינכטס־זאל. ביי צוויי זיינען די הענטלאך געווען פאראליזירט. אייגער איז געווען בלינד אויף איין אויג און די צוויי אינגסטע האבען געהאט דעם שווינדזיכטיגען אויסזעהן פון זייער פאטער.

דער האס איז פערשוואונדען פון פיעלע אויגען. מיט מיטלייד האט מען געקוקט אויף די קינדער און אויפ'ן אלטען דאקטאר, אבער די דזשורי האט זיך בלויז גענומען צוואנציג מינוט איהם צו ערקלעהרען „שולדיג".



# אַפּאַלאָים געליעבטע.



עווען איז עס אין א ווינטער פארנאכט. אין גע־ריכטס־זאל האט מען שוין לאנג געהאט אנגעצונדען די לאמפען, און דורך די הויכע, ניט פערהאנגענע פענסטער האט אריינגעקוקט א פארכמארעטער, שווארצליך־גרויער הימעל.

א מין אונרוהיגקייט. די מעהרסטע אנגעשטעלטע קוקען יעדע מי־נוט אויף דעם זייגער, וועלכער הענגט זיך א גלייכגילטיגער, א שטאל־צער אויף דער הויכער וואנט, ווי ער וואלט געפיהלט, ווי וויכטיג ער ווערט אין יענע מינוטען. אפילו דער ריכטער דרעהט שוין זיין שטוהל אן אונגעדולדיגער און פארהאלט א געגעץ.

אט אין דעם קאורט־רום בין איך אריינגעגאנגען נאך א זעהר ניט אינטערעסאנטען טאג אין דער ערנסטער געביידע. דא איז א „פאלים קאורט", וואו די מעהרסטע קלאגעס ווערען געבוירען און זעהר אפט שווימען דא ארוים אזעלכע אמת'ן, וואס ערשטוינען אונז, און וועלכע ווערען שפעטער באפוצט אין די צייטונגען.

און דא איז היינט געווען אומעטיג. איך האב זיך שוין געקליבען געהן אהיים, ווען דורך דער הויכער טהיר איז אריינגעקומען א פאַ־ליסמאן און נאך זיך האט ער געשלעפט עפעס א מאסע, וואס האט אויסגעזעהן ווי א גרוים פעקעל קליידער.

אבער נעהענטער, ביי דעם ליכט פון די לאמפען, האט דאס פעקעל קליידער א פנים געקראגען, און א שרעקליך פנים איז דאס געווען, א פנים וואס איך וועל קיינמאל ניט פארגעסען:

דוי קראנק פלייש באצויגען מיט בלוויליכער הויט, וועלכע איז געווען אזוי דין, אז זי האט קוים די שארפע ביינער באדעקט. א

פאר גרויע אויגען מיט אזא ווילדען אויסדרוק, אז זיי האבען מיך געשראקען. שמוציגע דיקע האר פון אונבאשטימטער פארב, אמאל זיינען זיי וואהרשיינליך געוועזן געבלייכט אויף העל בלאנד און איצט האט זיך דאס געל־בלאנד אויסגעמישט מיט שמוציגער גרויקייט. אין גרויס אונארדנונג, צושויבערט, האבען די האר אויסגעזעהן ווי א גרויליכע ראם פאר דעם שרעקליכען פנים.

ווי הויך די פרוי איז געווען, האב איך ניט געקענט זעהן, ווייל איהר קערפער איז געוועזן כמעט אין דרייען איינגעבויגען, און גע־מאכט דעם איינדרוק פון א פעקעל. א פעקעל שמוציגע קליידער. די שיך זיינען אמאל געוועזן ווייס, מיט הויכע אויסגעדרעהטע קנאפעל, אויפגעשנירט. פון דעם אפגעטראגענעם קלייד האבען לאנגע פעדים נאכגעהאנגען און עס האבען זיך ארויסגעזעהן א פאר העל גרינע זיידענע זאקען. איהר ברוסט איז געווען שטארק איינגעפאלען און באדעקט מיט א צוריסענעם מאנטעל. די אר־בעל זיינען געווען צו־קורץ און די הענט, קליינע, בלויליך־רויטע, געפלאצט פון קעלט און ווינט. קיין הוט האט זי ניט געטראגען נאר א העל־גרינע זיידענע באנד איז געווען ארומגעבונדען ארום דעם קראנקען שטערען.

דער פאליסמאן האט זי מיט דיקע הענט געפרובט אויסגלייכען. אבער זי האט אויסגעזעהן צו זיין גאנץ שטארק, ווי א ווילדע טי־גערין האט זי געקעמפפט.

איינמאל, ווען ער האט זי אויסגעגליכען, האב איך באמערקט א קליין פלעשעלע מיט א העל־ברוינער פליסיגקייט אין איין האנט. און אט דאס פלעשעלע האט זי פעסט געדריקט צו איהר איינגע־פאלענער ברוסט.

דער פאליסמאן האט קורץ, אין עטליכע ווערטער אנגעגעבען זיין קלאגע:

— זי האט גיפט אין דער רעכטער האנד. איך בין איהר נאכ־געגאנגען, זי איז מיר ניט געפעלען. מען האט מיר וועגען איהר דערציילט. איך בין א נייער מענש אויף בראדוויי, ערשט דעם

דריטען אבענד בין איך דארט. ווען איך האב זי דערזעהן, בין איך איהר נאכגעגאנגען. ווען מיר זיינען אנגעקומען נעבען מעטראָ-פאליטען אפערא הויז, אין דער ניין און דרייסיגסטער סטריט, איז זי געגאנגען אזוי נאהענט צו דער וואנט, אז איך האב ניט געקענט זעהן וואס זי טהוט. פלוצלונג האב איך באמערקט, אז זי נעהמט ארויס דאס פלעשעלע פון בוזים, באטראכט עס, געהט ווייטער א פאר שריט, שטעלט זיך אפ, קוקט ווידער אויף דאס פלעשעלע, אזוי האט זי געטהאן עטליכע מאל, ענדליך, ווען איך האב דערזעהן, אז זי וויל עס טרינקען און ווען איך האב געזעהן, ווי ענטשלאסען זי איז, האב איך זי ארעסטירט.

דעם ריכטער האט די ערשיינונג פון אט דעם באשעפעניש אויפ-געוועקט פון זיין פארטראכטקייט. און די גאנצע צייט, וואס דער פאליסמאן האט גערעדט, האט ער מיט א מעסטענדען און דורכ-דרינגענדען בליק געקוקט אויף דער פרוי.

— וואס איז אייער נאמען? — האט ער איצטער געפרעגט.

— וואס איז אייער נאמען? — האט ער שטרענג געשריען.

די פרוי האט מיט א גלייכגילטיגען טאן געענטפערט:

— איך האב שוין לאנג פערגעסען.

— מאכט זיך ניט נאריש און דערצעהלט דעם אמת, — איז דעם ריכטער'ס שטימע ווייכער געווארען.

— דעם אמת? אז איך האב קיין ליגען ניט צו דערצעהלען. — איהר שטימע איז געוועזן קלאהר, כמעט זיס, אזוי אנדערש ווי איהר אויסזעהן.

— ווי רופט מען אייך?

— ס'איז שוין אזא לאנגע צייט, אז אימיצער האט מיך גע-רופען, און איך האב שוין אליין פארגעסען. — האט זי געענטפערט מיט א שמייכעל. גאט, וואס פאר א שמייכעל! די קראנקע הויט האט זיך פארצויגען אין אונצעהליגע קנייטשען און די אויגען זיינען עפעס געווארען גרעסער, ווילדער.

— ווי קומט איהר אהער?

— דער פּאַליסמאַן האָט מיך אהער געבראכט. זיין ראגה, אז איך וויל שטאַרבען, דאכט זיך, אז קיינער וועט גאַר ניט פאַרלירען, און ע ר טשעפּעט זיך גאָר צו מיר. ווע‏מען אַרט עס, אז איך וויל שטאַרבען?

— אבער פאַר וואָס ווילט איהר שטאַרבען?

זי האָט זיך הויך צולאַכט, עס איז געווען אן אנגענעהמער געלעכטער ווי אימיצער וואָלט קלינגען מיט א סך פיינע גלעקלעך. יעדער האָט געקוקט אויף איהר, איצט האָט מען שוין פאַרגעסען אן זייגער.

— אודאי וויל איך ניט שטאַרבען, ווייל עס איז מיר גוט.

דער ריכטער האָט וואהרשיינליך באַמערקט, אז די פרוי האָט אמאָל בעסערע טעג געזעהן, און ער האָט געטהאָן דאָס, וואָס ער טהוט זעלטען. ער האָט זי מיט סימפּאַטיע גענומען פרעגען וועגען איהר פאַרגאַנגענהייט.

— פאַרגאַנגענהייט? — האָט זי געפרעגט מיט א שמייכעל, און איהר דאַרער קערפּער האָט זיך אינסטינקטיוו אויסגעצויגען. הויך און גראַציעז איז געווען דער מיט שמאַטעס־באַדעקטער קערפּער. איך האָב אויך א פערגאַנגענהייט ווי אַלע גאַסען־פרויען.

— אבער ווי קומט איהר צו דאָס אַלעס? — האָט דער ריכטער געפרעגט.

— טאַנצענדיג, שפּרינגענדיג און אין מיינע חלומות באַגלייט פון מוזיק.

— איך פאַרשטעה אייך ניט.

— אַה, אין מיין פאַלען איז געווען עטוואָס אָריגינעלעס. איך בין ניט געפאַלען ווי די מעהרסטע, פאַר געלט. מיין ערשטער פאַרפיהרער איז געווען אַפּאָלאָ, דער גאָט פון מוזיק.

— איך מוז ווידער זאָגען: איך פאַרשטעה אייך ניט, — האָט דער ריכטער געזאָגט.

— אמאָל האָב איך אייך ניט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר א פאַל־

טער פארפיהרער אַט דער גאַט קען זיין, אָבער איצט קוק איך אויף דעם אלעס מיט קלאָהרע אויגען.

— און דאָך ווילט איהר שטאַרבען?

— איך מוז.

— פארוואס?

— ווייל אלץ איז שוין איצט געגאנגען צו גרונד, — האָט זי שטיל געענטפערט און איהרע אויגען זיינען איצט געווען שעהן.

— און נאָך דעם „גאָט" ווער איז געווען?

— דער גאָט פון מוזיק האָט מיך מיט זיינע פאלשע פארשפרעכונגען פון דער היים אוועקגענאַרט. איך האָב געהאט וואונדערליכע חלומות. און דאָ אין ניו יארק, האָט מיר אַ מאַן געהאָלפען מעהר חלום'ען, מעהר זיך איינריידען, ווייל איהם האָט זיך אזוי געלוינט.

— ווער איז ער געווען?

— אַ דיקער מאַן, גראָב אינוועניג און אויסענוועניג. דאכט זיך ווען מען צושניידט איהם, וואָלט מען געפונען אינוועניג אָנשטאַט אַ האַרץ, אַ פעט שטיק פלייש. ער האָט געהאט דאָס אין וואָס פראָפעסיאָנעלע פערפיהרער נויטיגען זיך; געלט, געלט, געלט. ער האָט אויך געהאט אַ פרוי, וועלכע האָט געמאכט אַ סקאַנדאל, אָבער אַ ביסעל צו שפעט. אלע זיינע פארשפרעכונגען צו מאַכען אַ וועלט־באַריהמטע פרימאַדאָנאַ פון מיר, זיינען צונישט געווארען. נאָך איהם זיינען געווען אנדערע, זיי האָבען אויך צוגעזאגט. מען האָט מיך גענאַרט, איך האָב גענאַרט, און איצט בין איך דאָ.

זי האָט דאָס אלץ דערצעהלט אין אַ גלייכגילטיגען טאָן, ווי זי וואָלט פון אַ צווייטען מענשען גערעדט.

— די גאַנצע צייט פלעג איך געהן אין אָפערא, אָנשטאַט אַ גוטען מאהלצייט, פלעג איך קויפען אַ טיקעט פאר דער אָפערא. געהערט גרויסע זינגער און שפעט ביינאַכט באוויינט מיין שיקזאל.

— און פארוואס האָט איהר זיך ניט אפגעשטעלט?

— עס איז געווען צו שפעט. איך בין אזוי שנעל געפלויגען,

איך האב זיך פארגעסען. איך האב נאר געהאט איין ציעל: מוזיק, און אזוי פליהענדיג בין איך געווארען דאס, וואס איהר זעהט.

ווידער האט זיך איהר קערפער צונויפגעצויגען קראמפהאפט, במעט אין דרייען, און די העלגרינע זיידענדע זאקען מיט דעם בענדעל אויף דעם שטערען, האבען איסגעזעהן אזוי אומעטיג, עפעס איראניש, ווי זיי וואלטען געלאכט פון די איבעריגע שמאטעס.

דער ריכטער האט איין איהר רחמנות געהאט און זי געשיקט אין א היים פאר געפאלענע.



# אונטערבראָכענע קאַריערען.



יז'ם פריהמאָרגען, ווען זייער פראָצעס האָט זיך אָנגעפאנגען, איז דאָס געריכטס־צימער געווען כמעט ליידיג. אַ חוץ עטליכע קרובים פון די יונגע אָנגעקלאָגטע האָט זיך דאָרט קיינער ניט אָבגעשטעלט. וועמען אינטערעסירט דען דער פראָצעס פון צוויי קליינע גנבים? די נייגעריגע בעזוכער קומען מקבל־פנים זיין אַ „העלד“ פון אַ סענסאַציאָנעלען מאָרד, אַ פערפיהרער פון פרויען, אָדער כאָטש אַ גרויסען גנב, וואָס האָט אויסגענאַרט די ציערונג ביי עטליכע פינפטע עוועניו לידיעס. אָבער וועמען געהט אָן דער שיקזאַל פון צוויי קליינע גנבים?

אָביסעל שפּעטער איז יאָ געוואָרען פרעהליכער אין געריכטס־זאַל. די אינטעליגענטע קינדערישע פּנים'ער פון די בעשולדיגטע אינגלעך האָבען פעראינטערעסירט עטליכע עלטערע מענשען — מענשען, וועלכע האַלטען שוין ווייט, ווייט ביים נאָכמיטאָג פון לעבען און אויך וועמעס ווייטערען לעבען די טראַגעדיע פון די אינגלעך קען שוין קיין ווירקונג ניט האָבען... עס האָבען געדאַרפט קומען יונגע...

אַ הויכער דעטעקטיוו מיט שאַרפע קליינע אויגען האָט דערציהלט וועגען דער סעריע פערברעכענס וואָס די אָנגעקלאָגטע האָבען בעגאַנגען.

— עס זיינען בעגאַנגען געוואָרען עטליכע גרויסע גנבות אין דעם האָלביל דיסטריקט, וואו עס ווערען פערקויפט גאָלדענע צייגען און אַנדערע דענטיסטישע מאַטעריאַלען. מיר האָבען געזוכט די גנבים, אָבער קיין שפּור ניט געפינען ביז מיט עטליכע וואָכען צוריק.

עס איז געווען ביינאכט. מען האט בע׳גנב׳עט אזא געשעפט. דער וועכטער האט עפּעס דערהערט און האט זיך גענומען ארומקוקען. אבער באלד האט ער דערהערט א שאס און זיין רעכטע האנד איז פערוואונדעט געווארען. קוקענדיג אין דער ריכטונג פון וואנען דער שאס קומט, האט ער דערזעהן ארויסלויפענדיג צוויי קליינע מענשען, כמעט קינדער, מיט שווארצע מאסקעס. ער האט געשריען, אבער די גנבים זיינען פערשוואונדען. די „קייס" איז איבערגעגעבען געווארען צו מיר. איך האב גענומען נאכפארשען אין די סקוהלס, אין די הא־סקוהלס און ענדליך האב איך אויסגעפונען, אז צוויי באיעס פון א געוויסער האי־סקוהל ריידען אפט וועגען גנבים, אז זיי בעוואונדע־רען שטארק די גרויסע גנבים פון דער וועלט. איך האב זיי גענומען נאכשפיאנירען, האב אויסגעפונען, אז איינער פון זיי ארבייט אין איינעם פון די געשעפטען, וואס זיינען בע׳גנב׳עט געווארען. איך האב אזוי פיעל נאכגעפארשט ביז איך האב אויסגעפונען, אז די צוויי אינגלאך זיינען עס די מאסקירטע גנבים און איך האב זיי ארעסטירט.

— וואו און ווי אזוי האט איהר זיי ארעסטירט? — האט מיט א שמייכעל געפרעגט דער דיסטריקט אטורני

דער דעטעקטיוו האט אריינגעקוקט אין א נאטיז־ביכעל און ווייטער דערצעהלט:

— דעם קלענערען, סעם ליוועז איז זיין נאמען, האב איך ארעסטירט אין דער צוויי און פיערציגסטע סטריט לייברערי, ער האט דארט געלעזען א געשיכטע פון פראנצויזישע פערברעכער.

— דעם העכערען מיט די קורצע הויזען, ער הייסט לעאן וויס, איהם האבען מיר אין זיין היים געטראפען. ווען ער האט זיך דערוואוסט, ווער מיר זיינען, האט ער זיך אוועקגעשטעלט ווי אן אקטיאר און אונז בעפוילען: „דזשענטלמען, איך וועל מיט אייך געהן, אבער איילט זיך ניט". האט ער אויסגעשריען מיט א הויל־כיגע שטימע. דאן האט ער פעררויכערט א סיגארעט, זיך אוועק־געזעצט ביי דער פיאנא און געשפּיעלט א פּאפּולער ליעדעל. נאכ־

דעם האָט ער זיך טיעף פערבויגען און ערקלעהרט, אז איצט איז ער גרייט מיט אונז צו געהן.

אין געריכט האָט יעדער געשמייכעלט, אפילו דער ערנסטער ריכטער. א חוץ עטליכע פערוויינטע פרויען, וועלכע זיינען געזעסען אויף א הינטערשטער באנק און די צוויי אינגלאך. זייערע אויגען האָבען אויסגעדריקט שרעק און פערצווייפלונג.

עס זיינען אויסגעהערט געוואָרען נאָך עטליכע עדות און וואָס געדיכטער עס איז געוואָרען די נעץ פון בעשולדיגונגען, אלץ מעהר איבערגעשראָקען זיינען געוואָרען די צוויי אינגלעך. זייערע גלאָט־פערקאמטע קעפּלעך האָבען זיך אָפּט צוגעבויגען צו זייער לאָיער, מען האָט זיך געהאלטען אין עצה.

ענדליך האָט זיך זייער אדוואָקאט אויפגעשטעלט און ער־קלעהרט, אז די צוויי אינגלעך וועלען זיך ערקלעהרען שולדיג און וועלען איבערגעבען זייער שיקזאל אין דעם ריכטער'ס הענד.

ביידע האָבען ביטער געוויינט. ביים גרעסערען זיינען פּריי גע־רונען די טרעהרען איבער זיין שעהנער נאָז, אריין צווישען די רויטע קינדערשע ליפּען און אראָפּ מיט דער חנ'עווודיגער מאָרדע. ער האָט זיך ניט געקענט קאָנטראָלירען, זיינע פּלייצעס האָבען זיך געטריי־כעלט, ער האָט הויך געכליפּעט. עס איז פערשוואונדען זיין טע־אַטראַלישע האלטונג. א שולדיג אינגעל איז ער געשטאַנען פאר דעם ריכטער.

דער קלענערער האָט מיט א צארטע ווייסע האנד אָבגעווישט זיינע טרעהרען, א גלעט געטהאָן זיין חבר אין פּלייצע און איז מיט געמאָסטענע טריט ארויף אויפ'ן וויטנעס־סטענד.

„וואו האָט איהר זיך בעקענט?“ האָט דער ריכטער געפרעגט.

— נאָך אין פּאָבליק סקוהל — האָט דער אינגעל געענטפערט. דאַן האָט ער פארטגעזעצט: — איך וועל אייך דערצעהלען אלעס. מיר זיינען געגאַנגען צוזאמען אין די מואווינג־פּיקטשורס און איין מאָל האָבען מיר געזעהן א פּיקטשור פון א גרויסען גנב. דעם צוויי־טען טאָג האָבען מיר ביידע נאָר גערעדט וועגען אָט דעם קלוגען

גנב. פון דאן אן האבען מיר בלויז געזוכט אזעלכע פּיקטשירס. מיר איז זעהר געפעלען אט דער העלדישער גנב, ווי ער ראטעוועט א מיידעל און נארט אפּ די פּאליציי. שפּעטער האבען מיר ביידע בעשלאסען צו ווערען אזעלכע גנבים. מיר האבען זיך גענומען ערנסט לערנען. מיר האבען געלעזען ביכער וועגען בערבערייען. מיר האבען ביי זיך אבגעמאכט דערווייל נאר צו גנב'ענען אביסעל, נאר אזוי פיעל וואס מיר דארפען אום צו קענען געהן אין קאלעדזש. מיר האבען געוואלט ווערען געבילדעטע מענשען, כדי צו קענען ווערען פון די גאר גרעסטע וועלט־גנבים.

— ווען מיר זיינען אנגעקומען אין האי־סקוהל און איך האב געקראגען לאנגע הויזען, האבען מיר אנגעפאנגען אויסצופיהרען אונזער פּלאן און צוערשט האבען מיר בע'גנב'עט מיין באס.

ווען דאס אינגעל איז שטיל געבליבען, האט דער ערשטווינטער ריכטער איהם לאנג אנגעקוקט און שטיל געפרעגט:

— און וואס האסטו יעצט צו זאגען וועגען דעם?

דאס אינגעל האט שטיל אנגעהויבען צו וויינען.

— איך... מיר... האבען ניט געוואוסט, אז דאס איז אן עברה, איצט טהוט אונז שטארק לייד. איך האב גרויס רחמנות אויף מיין מאמע און איך האב מורא פאר געפענגניס. אין די טומס איז ניט אזוי ווי אין די מואוויס. איך האב מורא.

לאנג האט דער ריכטער זיי געשטראפט. ענדליך האט ער ארויסגעזאגט דעם אורטייל: זיי זאלען פערשיקט ווערען אין אן אויסבעסערונגס אנשטאלט.

איך האב מורא, אז ערשט דארטען וועלען זיי זיך אויסלערנען ווי פּארטצוזעצען זייערע אונטערבראכענע קאריערען...



# דער קליינער עדות.



שטילע אויפרעגונג האט יענע פריהמארגען געהערשט אין דער געריכטס־געביידע. איינער האט דעם צווייטען דערצעהלט: „אן עלף־יעהריגער אינגעלע וועט היינט שיקען זיין פאטער אויפ'ן עלעקטריק טשער! א קינד וועט היינט פאר'ן דזשאדזש דערצעהלען ווי אזוי זיין ברוטאלער פאטער האט ערמארדעט זיין מוטער“.

דיעזע בעמערקונגען האבען שנעל אנגעפילט די קאורט־רום. הונדערטער האבען זיך געבעטען אריינגעהן, און צווישען די „גליקליכע“ וואס זיינען נאך פיעלע שטויסענייש ענדליך אריין, זיינען געוועזן ניט נאר די געוועהנליך נייגעריגע קאורט־בעזוכער, נאר אויך פיעל אלטע געריכטס־אנגעשטעלטע.

פעראינטערעסירט איז מען בלויז געווען אין דעם קליינעם עדות. מיט אונגעדולד האט מען געקוקט אויף דער הויכער טהיר, דורך וועלכער ער האט געדארפט אריינקומען, זעלטען האט מען געקוקט אויף דעם אנגעקלאגטען, וועלכער איז מיט אן אראבגעהאנגענעם קאפ געזעסען נעבען זיין לאיער.

א שרעקליך קלעגליכען אויסזעהן האט געהאט דער אנגעקלאגטער. אויף זיין ווייסען מאגערען האלז, האט מען געזעהן א טיעפע, ערישט פערהיילטע וואונד. זיינע געקרייזעלטע האר זיינען געווען האלב גרוי, אין אונארדנונג זיינען זיי אראבגעהאנגען אויף זיין קורצען שטערען, דערגרייכענדיג זיינע קורצזיכטיגע, שוואכע אויגען, וועלכע האבען אהן אינטערעס געקוקט אויף זיינע מאטע, מאגערע הענד. די גלייכע נאז און דער מילדער מויל האבען דעם פנים געגעבען כמעט א שעהנעם אויסדרוק, נור די קורצע, קליינע מארדע האט פערדארבען דעם גאנצען איינדרוק. ווען מען האט געקוקט

אויף דער מאָרדע האָט מען זיך עראינערט אָן עטוואָס שוואכע, נעבעכדיגעס. איהר האָט פאר זיך געזעהן אַ ווייבען מענשען,, אָהן ווילענס־קראפט, אָהן זעלבסטשטענדיגקייט, אַ מענשען וואָס לאָזט זיך פיהרען...

שטילע, איבערגעשראָקענע שכנים האָבען דערצעהלט ווי זיי האָבען געהערט דאָס געשריי פון דער פרוי, ווי זיי האָבען אויפגעבראָכען די טהיר און געפונען די פרוי אַ טויטע. פון עטליכע וואונדען איז לאנגזאם גערונען דאָס בלוט, ניט ווייט פון איהר איז געלעגען דער אָנגעקלאָגטער מיט אַן איבערגעשניטענעם האלז.

קיינער האָט ניט געוואוסט ווער עס האָט דעם שרעקליכען פערברעכען בעגאנגען. קיינער האָט ניט געזעהן. די קינדער זיינען רוהיג געשלאָפען, ווי נאָר קינדער זיינען עס אימשטאַנד.

איין שכנה האָט זיך עראינערט, דאָס זי האָט מיט עטליכע מינוטען פריהער געהערט דעם אָנגעקלאָגטען קלאפען אין טהיר. באלד נאָך דעם איז געוואָרען גאנין שטיל, ביז עס האָט זיך געהערט דאָס שרעקליכע געשריי פון דער ערמאָרדעטער.

— איך האָב זיך אפילו געוואונדערט אויף דער שטילקייט, ווייל די לעצטע צייטען האָט מען זיך פיעל געקריעגט נעקסט־דאָר, — האָט זי געענדיגט מיט אַ שמייכעל.

— נאָר די לעצטע צייט? — האָט אויפשפרינגענדיג געפרעגט דעם אָנגעקלאָגטענ'ס לאָיער.

— יעס, זייט עטליכע מאָנאַטען.

— וואָרום, דענקט איהר, האָבען זיי זיך געקריעגט? — האָט דער לאָיער ווייטער געפרעגט.

— איך ווייס ניט. אָבער מרס. לערנער איז געווען קרענקליך. זינט זי האָט דאָס דריטע קינד געבוירען איז זי פיעל געגאנגען צו דאָקטוירים. זי האָט זיך מיר עטליכע מאָל בעקלאָגט, דאָס אלע בערדיענסטען געהען אוועק צום דאָקטאָר און אין דראָג־סטאָר. זי איז געווען שטאַרק נערוועז און האָט זיך אָפט געקריעגט.

לאנגזאם, וואָרט ביי וואָרט, איז דעם שאַרפזיניגען אַדוואָקאַט געלונגען צו צייגען, דאָס די פרוי איז געווען קראַנק. מיט קונ־ציגע דריידלעך האָט ער אַרויסגעקראָגען גינסטיגע ערקלערונגען פון די עדות.

דעם קאָראָנער'ס דאָקטאָר, וועלכער האָט געפּאַלמעסט די טויטע פרוי, איז געצוואונגען געווען צוצוגעבען, דאָס די פערשטאָרבענע איז געווען שרעקליך בלוט־אָרעם.

פון אַזעלכע ערקלערונגען און פון דעם אַדוואָקאַט'ס פראַגען, האָט מען לייכט געקענט זעהן, דאָס די פערטיידיגונג וועט זיין, אַז די שוואַכע פרוי איז צומישט געוואָרען און האָט דעם פערברעכען אַליין בעגאַנגען.

און באַלד, באַלד האָט זיך שוין אַ חשד אַריינגעכאַפּט אין מוח. איהר האָט שוין באַלד גענומען גלויבען, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי פאָרגעקומען, ווען די הויכע טהיר האָט זיך געעפענט און דער וויכטיגסטער עדות געגען דעם אָנגעקלאָגטען איז אַריין זיין עלף־יעהריגער זוהן.

ווען די הויכע טהיר עפענט זיך, קוקט מען געוועהנליך מיט שפּאַנענדער אויפרעגונג אַהין. דורך יענער טהיר קומען אַריין די, וואָס העלפען דעם גאַנצען שאַפען גערעכטיגקייט; די וועלכע גלויבען אין „אַ האַנד פאַר אַ האַנד, אַן אויג פאַר אַן אויג“... די ווערטער פון אַזעלכע עדות ברענגען די אונגליקליכע אין טויטען־הויז, וואו זיי ראַנגלען זיך מיט האָפנונג און ביטערער פערצווייפלונג.

דורך דיעזער טהיר איז אַריין דער קליינער אינגעל. זיין פּנים בלאַס, זיינע קליינע רויטע אויגען פערדעקט מיט אַ פּאָר דיקע אויגען־גלעזער, זיינע גלייכע צונויפגעקלעפּטע האָר פערוואָרפען אויף דעם קליינעם שטערען, די דינע ליפּען פערביסען און דאָס קעפּעלע אַרונטערגעלאָזען.

זיינע דינע פיסעלעך האָבען געציטערט, די פאַרב אין דעם קליינעם פּנים האָט זיך שנעל געביטען, ווי מיט צוואַוואַסערטען בלוט איז פערוויטעלט געוואָרען דאָס ליידענדע פּנים'ל.

אין דער גרויליך טויטער שטילקייט פון קאורט־רום, האט זיך אויסגעוויזען, אז מען קען הערען דאס שווערע אטהעמען פון דעם אינגעל. עפעס האט דאס זידען פון זיין ברוסטעלע ווי הארמאָנירט מיט דעם דינעם גערדיכטען רעגען, וואס האט שטיל געקלאפט אין די שויבען פון געריכט־זאל...

און זעה איך אזא רעגען, דערמאן איך זיך פון יענעם טאג און אן דעם אינגעל, אן זיין שווערען אטהעמען... די אלע דינע, גערדיכטע רעגענס קענען יענע עראינערונג ניט אבוואשען...

דער אימער ערנסטער ריכטער איז נאך טויזענד מאל מעהר ערנסט געווארען, ווען ער האט געפרעגט דעם אינגעל:

„ווייסטו וואס דאס ווארט אמת מיינט?“

„יעס“, איז אנגעקומען דער הייזעריגער ענטפער.

„וואס מיינט עס?“

דאס איבערגעשראקענע אינגעלע האט עטליכע מאל שווער געשלונגען. זיין דין העלזעלע האט זיך אנגעשטרענגט און ווען ער האט געענטפערט איז זיין שטימעלע געווען דין, קוויטשיג, און דער טאן איז געווען ווי א טרויעריגער, איינגעשטודירטער ניגון.

„מיר מוזען זאגען דעם אמת, אז ניט וועט אונז גאט בעשטראָפען“.

פיעלע אנוועזענדע האבען מיט אינטערעס צוגעשאָקעלט מיט די קעפ.

— איזראעל, וואס ווייסטו וועגען דיין מוטער׳ס טויט? — האט דער ריכטער געפרעגט.

איזראעל האט לאנגזאם אויפגעהויבען זיינע קורצזיכטיגע אויגען און דאס ערשטע מאל אין קאורט האט ער בעטראכט זיין פאָטער.

די פערצווייפעלטע אונגליקליכע אויגען האבען בעגעגענט דעם קינד׳ס בליק. דער האלב־גרויער קאפ האט זיך שווער אראבגעלאזען אויפ׳ן טיש...

די קינדערישע אויגען האבען שטארק געקוקט און מעכאניש האט ער געענטפערט:

— איך ווייס פיעל.

— ווער האט דיין מוטער געטויטעט? איז געקומען דעם ריכטער׳ס פראגע.

עטליכע סעקונדען איז געווען שטיל. עס האט זיך געהערט דאס אויפגערעגטע אטהעמען פון פיעלע אנוועזענדע.

לאנגזאם האט דאס אינגעלע, וועמעס דאר קערפערל מען האט קוים געקענט ארויסזעהן פון טיעפען עדות־שטוהל, אויסגעשטרעקט זיין דין ציטערענד פינגערל און אנווייזענדיג אויף זיין פאטער, האט ער הייזעריג ארויסגעקרעכצט:

— ער!

די אנוועזענדע מאסע האט ווי אויף אמאל אבגעזיפצט. די שטילקייט איז געבראכען געווארען. ערשטווינטע שושקערייען האבען זיך געהערט פון מאנכע אנוועזענדע און דער אלטער ריכטער מיט זיין קליינעם האמער האט געקלאפט פאר ארדער.

„איזראעל, דו דערצעהלסט א שרעקליכע זאך. דיינע ווערטער קענען שיקען דיין פאטער צום טויט. זיי פארזיכטיג און דערצעהל בלויז דעם אמת!" — האט געדונערט דעם דזשאדזש׳ס אויפגערעגטע שטימע.

דאס אינגעל האט זיך דערשראקען און האט שטיל אנגעפאנגען צו וויינען.

לאנג האט איהם דער דיסטריקט אטוירני געפרעגט וועגען דעם צוזאמענלעבען פון זיין פאטער און מוטער און שטיל האט ער דער־צעהלט וועגען די צאנקערייען צווישען זיינע עלטערן.

— וואס איז פארגעקומען ביי דעם לעצטען סאפער? — האט דער דיסטריקט אטוירני געפרעגט.

— פאפא האט ביים עסען געשוויגען. עס איז געווען זעהר

הײם. דאָס עסען איז ניט געװען גוט און װען פּאפּא האָט װעגען דעם בעמערקט, איז געװאָרען אַ שרעקליכע קריעגערײ. די מאמא האָט געװײנט און דער פּאפּא האָט געשריען: „איך װעל דיך דער׳הרג׳ענען!“

— און דאן?

— דאן איז פּאפּא אװעק. מיר האָבען זיך געלעגט שלאָפען. מאַמאַ איז געזעסען בײם פענסטער. דאָרט האָב איך איהר דאָס לעצטע מאָל געזעהן.

און װידער האָט זיך דאָס קינד צואװײנט און מאַנכע אַנװעזענדע האָבען געװישט די טרעהרען פון זײערע אױגען.

— און דאן?

— דאן האָב איך זיך אױפגעכאפּט, װען איך האָב געהערט די שרעקליכע געשרײען. צו ערשט האָט זיך מיר אױסגעװיזען װי עס װאָלט געװען אַ חלום.

— עס זײנען געװען אַ סך מענשען אין צימער. אָן אונז, קינדער, האָט מען אין גאנצען פערגעסען. װען איך האָב געזעהן דאָס בלוט אין מײן פּאפּא׳ס איבערגעשניטענעם האַלז, האָט מיר עפּעס אַזױ װעה געטהאָן. איך האָב געװאָלט צו איהם געהן, אָבער איך האָב זיך אָן עפּעס אָנגעקלאפּט. ס׳איז געװען דאָס ברױט־מעסער. ס׳איז געװען בלוטיג. דאן האָב איך זיך עראינערט װי דער פּאפּא האָט געזאָגט צו דער מאמא: „איך װעל דיך דער׳הרג׳ענען“ און איך האָב גענומען שרײען: איך װײס, איך װײס װער עס האָט עס געטהאָן!

זײן מיעד קעפּעלע איז אראָבגעזונקען, זײנע דארע הענטעלעך האָבען פערדעקט די אױגען, װי ער װאָלט מיט געװאלד װעלען ארױסשטױסען דאָס שרעקליכע בילד, װעלכע די עראינערונג האָט צוריק געבראכט.

זײן פּאַטער׳ס לאַיער האָט איהם לאַנג אױסגעפרעגט.

— ווארום דענקסטו דאס דיין פאטער האט דעם פערברעכען בעגאנגען?

— ווייל ער האט געזאגט, ער וועט די מאמע'ן דערהרג'ענען.

— האט דען ניט דיין פאטער מעהרערע מאל געזאגט די זעל־בע ווערטער? פלעגט עס דען דיין מאמע ניט זאגען? זאגען עס דען ניט פיעלע אידישע מאמעס צו זייערע קינדער? ווייסטו דען ניט, דאס מיט דעם ווארט „דער'הרג'ענען" מיינט מען מעהרסטענס אנשלאגען?

— ניין, ניין! — האט דאס קינד געענטפערט, זיך פעסט האל־טענדיג ביי זיין מיינונג. אין זיין שמאלער קינדערישער קאפ איז ניט געווען קיין פלאץ פאר ארגומענטען...

דער אנגעקלאגטער האט א דערשראקענער דערצעהלט, אז ער איז א שניידער, ארבייט אכט יאהר אויף איין פלאץ, אז זינט דאס אינגסטע קינד איז געבוירען געווארען איז זיין פרוי געווארען שרעק־ליך נערוועז. זי איז געווען שוואך, האט געהאט צוויי בלוט־שטור־צען, האט זיך שטענדיג געקריעגט. פערלאנגט זאכען, וועלכע ער האט ניט געקענט נאכגעבען, זייענדיג א קליינער פערדיענער...

יענעם אבענד איז געווען שרעקליך הייס אין די צוויי רומקעס מיט א ניעדריגען סילינג אויף ריווינגטאן סטריט. זיין פרוי האט זיך מיט איהם געקריעגט. ער געדענקט ניט, אפשר האט ער גע־זאגט: „איך וועל דיך דער'הרג'ענען", אבער דער אויסדרוק איז ניט קיין נייעס. נאכ'ן עסען איז ער ארויס פון הויז. לאנג האט ער געוואנדערט אין סטריט ניט דענקענדיג וועגען גאר נישט.

— ווען איך בין אריין אין הויז האט זי געשוויגען און איך האב זיך גענומען גרייטען צום שלאפען. די היץ איז געווען שרעק־ליך. מיין פרוי איז געזעסען ביי פענסטער. א שרעקליכער מיט־לייד צו איהר האט מיך ארומגענומען. ווען זי וואלט געהייראט מיט א רענס־פעדלער, וואלט איהר שוין געווען בעסער. זי איז אמאל געווען זעהר א שעהנע. איך בין בלויז א שניידער און זי האט זיך

אימער געערגערט וואָס איך זיץ שוין אכט יאָהר אויף איין פּלאַץ. פלייכט וואָלט איך ערגעץ אנדערש מעהר פערדיענט, פלעגט זי זאָגען.

— אזוי האָב איך געטראכט ווען איך האָב דערפיהלט דעם קאַל־טען שטאָהל פון א מעסער אויף מיין האלז. ווען דאָס הייסע בלוט האָט גענומען רינען און מיינע אויגען זיינען פערשוואומען געוואָרען מיט בלוט, האָב איך בלויז געזעהן דעם געשטאַלט פון מיין פרוי.

ער האָט גערעדט לאנגזאַם אין אָבגעהאַקטע ווערטער:

— ווען איך האָב מיט וואָכען שפּעטער אויפגעוואכט אין האָספּי־טאַל, האָט מען מיר דערצעהלט, דאָס א י ך האָב עס געטהאָן, — האָט ער געענדיגט מיט א ביטערען שמייכעל.

ווען די דזשורי האָט איהם געפונען שולדיג אין „טויט־שלאַג" ערשטען גראַד, פאר וועלכען מען האָט איהם שפּעטער פארשיקט אויף צעהן יאָהר פּריזאָן, זיינען פיעלע געווען צופריעדען. עס האָט געקאָנט זיין ערגער, ווארים זעהר פיעל דזשוראָרס ווילען זיך ניט אריינלעגען אין דעם אנגעקלאַגטען'ס אומשטענדען.

אָט דער שניידער, וועלכער איז אָבגעזעסען אכט יאָהר אויף איין בענקעל, האָט געוויס ניט געמאכט דעם איינדרוק פון א מער־דער, און דאָך האָט מען איהם געפונען שולדיג. אויב ניט אין גאנצען שולדיג, איז כאָטש אביסעל...

— — — — — — — — — — — — —

מיט יאָהרען שפּעטער האָב איך איהם בעגעגענט אין סינג־סינג פּריזאָן (ווען איך בין דאָרט געווען אויף א בעזוך). פיזיש האָט ער אויסגעזעהן פיעל בעסער ווי אין יענע שרעקליכע טעג פון פּראָצעס. גייסטיג אפשר אויך. ער ארבייט אין דעם שניי־דער־שאָפּ פון געפענגניס און האָפט נאך אמאָל גליקליך צו זיין מיט זיינע קינדער.

— און אייער עלטסטען זוהן, דעם עדות געגען אייך, האט איהר שוין אויך פערציייעט? — האב איך געפרעגט.

— געוויס, ער איז דאך מיין קינד! — האט ער געענטפערט. אין זיין שטימע האט געפעהלט אירגענד וועלכע ביטערקייט צו דעם קליינעם עדות.

* * *

פאר מיר און ביז היינט איז דיעזער מארד געבליבען א פסי־כאלאגישע רעטעניש.

וועער איז שולדיג?

ע נ ד ע.

געזעצט ביי די אינטערנעשאנאל לינאטייפ קאמפאני. קא., 125 קאנאל סט.

